# משה אַראָנער בוך

אין אָנדענק פון דעם גרויסן ליבהאָבער פון
דער יידישער שפּראַך און דעם יידישן בוך


רעדאַגירט פון
ש. וואַסילעווסקי, יעקב לעווין און שמואל לעווין



אַרויסגעגעבן פונם משה אַראָנער־בוך־קאָמיטעט
שלום־עליכם הייזער, בראָנקס, ניו־יאָרק


שער־בלאַט געצייכנט פון לואי מאַרקאָוויץ

# אָנערקענונג

דער קאָמיטעט פֿונעם אָדאָנער־בוך וויל דערמיט אויסדריקן זיין דאַנק די אַלע, וואָס האָבן געהאָלפֿן פֿאַרווירקלעכן די דאָזיקע קליינע אונטערנעמונג דורך זייערע אַרטיקלען אָדער דורך זייערע מאַטעריעלע ביישטייערן. אַ באַזונדער דאַנק קומט די פֿריינד אידל לאַנדסבערג פֿאַר איינאָרדענען דאָס זעצן און דרוקן דאָס בוך. דערמיט האָבן זיי זייער פֿיל ביישטייערט צו דער מעגלעכקייט דאָס בוך צו פֿאַרעפֿנטלעכן.

די פֿאַמיליע אָדאָנער
דער אָדאָנער בוך־קאָמיטעט.

שלום וואַסילעווסקי, סעקרעטאַר

SHOLEM WASILEVSKY
3470 Cannon Place
Bronx 63, N. Y.

איטשע ט. בידערמאַן

# דער ליבהאָבער פון יידישן בוך

מיט משה אָדאַנער האָב איך זיך באַקאַנט אין יאָר 1926, ווען איך האָב אויפגעמאַכט מיין בוך־געשעפט. דאָס האָט געמוזט זיין אין די גאָר ערשטע טעג, און אפשר טאַקע אינעם ערשטן טאָג, ווייל ווי איך קען איצט משהן נאָך 30 יאָר, ווייס איך, אַז משה וואָלט זיך נישט געקענט איינהאַלטן נישט צו באַזוכן אַ ניי יידיש בוך־געשעפט דעם זעלביקן טאָג, ווען עס האָט זיך אויפגעעפנט.

איך געדענק, ווי אַזוי משה האָט זיך פאַר מיר פאָרגעשטעלט:

— איך היים משה. משה אָדאַנער. מען רופט מיך: משה פאַריזער. איך בין אַ זאַמלער פון יידישע ביכער און קויף אַלץ, וואָס איך האָב נישט ...

ער האָט מיר געגעבן די האַנט:

— פריינד בידערמאַן, אויב איר ווילט מיך פאַר אַ שטענדיקן קונה, מוזט איר פאַר מיר שטענדיק אָפּלייגן איינס פון יעדער בוך אָדער זשור־נאַל וואָס איר קריגט אַריין.

משה איז נאָך דעמאָלט געווען אַ יונגער מאַן. אין די שפּעטע דרייסיקער. שלאַנק, דאַר, מיט אַן איידל פּנים און איידעלן אויסזען. די אויגן זיינען ביי אים געווען ברענענדיקע און פלעגן שטענדיק אַרומ־לויפן, קוקן אין אַלע זייטן, נישט צו פאַרזען עפּעס, ווי ער אַליין, וואָס איז געווען אַ רירעווודיקער, שטענדיק אויפגעלייגט און פריילעך. און נאָך פריילעכער און אויפגעלעבטער איז ער געוואָרן, ווען ער האָט גע־הערט אַז עס איז אָנגעקומען, אָדער עס קומט אָן, אָדער עס גייט ערגעץ אַרויס אַ ניי יידיש בוך.

פון יענעם טאָג אָן, ווען משה האָט זיך פאַר מיר פאָרגעשטעלט, קען איך אויף זיכער זאָגן, אַז עס איז נישט אַוועק קיין איין וואָך אין די גאַנצע 30 יאָר, וואָס זיינען ביז איצט איבערגעלאָפן, אַז משה זאָל נישט

האָבן געווען אין מיין בוך-געשעפט, איין מאָל, צוויי מאָל און אַמאָל דריי מאָל אַ וואָך, אויסצוגעפינען, צי עס זיינען נישט אָנגעקומען קיין נייע ביכער אָדער זשורנאַלן.

איך געדענק, ווי גליקלעך משה איז געווען, ווען ער האָט געקראָגן אַרבעט נישט ווייט פון מיין בוך־געשעפט.

— בידערמאַן, — פלעגט ער מיר פיל מאָל זאָגן, — איר ווייסט נישט, ווי גליקלעך איך פיל זיך, וואָס איך האָב געקראָגן אַרבעט אין דער געגנט. אמת, ערגעץ אַנדערש וואָלט איך פאַרדינט מער געלט, אָבער ווי אַזוי וואָלט איך געקענט קומען יעדן טאָג זען, וואָס עס איז אָנגעקומען נייס?...

אַז משה האָט זיך דערוואוסט, אַז עס דאַרפן אָנקומען נייע ביכער, פלעגט ער קומען באַלד אין דער פרי און וואַרטן אויפן בריוו-טרעגער. דערביי פלעגט ער טעלעפאָנירן זיין ווייב:

— אַנקע, ס'איז היינט נישטאָ קיין אַרבעט.. . איך וועל קומען אַ ביסל שפּעטער... איך וועל אַריינגיין צו בידערמאַנען... — ער פלעגט דערביי צו מיר אַ ווינק טאָן. און ווען ער איז פאַרטיק געוואָרן מיטן רעדן צו דער ווייב, האָט ער זיך פאַר מיר פאַרענטפערט:

— נו, איך וועל מיר מאַכן אַ יום-טוב... איך וואָלט נישט געקענט איינזיצן היינט אין שאָפּ...

איך געדענק, ווען עס האָט באַדאַרפט אָנקומען פון וואַרשע מאַקס עריקס „געשיכטע פון דער יידישער ליטעראַטור". משה האָט געוואוסט, אַז דאָס בוך האָט באַדאַרפט אַ ליאַדע טאָג אָנקומען. ער האָט נאָך דע־מאָלט געאַרבעט ווייט פון מיין בוך-געשעפט, פלעגט ער מיך רופן אויפן טעלעפאָן צוויי, דריי מאָל אַ טאָג, אָבער אין דעם טאָג ווען דאָס בוך איז אָנגעקומען האָט ער גראָד געאַרבעט ביז שפּעט, האָט ער מיך אָפּגערופן אין שטוב אַריין, אַרום 10 אין אָוונט.

— יאָ, משה, דאָס בוך איז אָנגעקומען. איך לייען דאָס איצט...

איך האָב דערפילט, דורכן טעלעפאָן-טרייבל, ווי משה האָט אויפגע־ציטערט:

— ס'איז שוין דאָ... אַזוי, טאַקע?...

— יאָ, משה.

איך האָב פאַרשטאַנען, אַז איך האָב אים נישט באַדאַרפט זאָגן אַז דאָס בוך איז אָנגעקומען. ער וועט שוין נישט שלאָפן אַ גאַנצע נאַכט. האָב איך אים געפּרוּווט אָפּרעדן:

— ס'איז נישט אַזאַ גוואַלד, משה... איר וועט קומען, אם ירצה השם, מאָרגן נאָך דער אַרבעט און ס'וועט ליגן פאַר אייך אָוועקגעלייגט אַ בוך.

— ניין, בידערמאַן. איך קום גלייך צו אייך... — האָט ער אַן אויפגערעגטער, אַריינגערעדט אין טרייבל — גלייך!...

— משה, ס'איז שפּעט... נאָך צען... פון אייער היים צו מיר וועט דויערן מער ווי אַ שעה... אפשר אַ שעה מיט אַ האַלב...

— איר מוזט וואַרטן אויף מיר, בידערמאַן... אַ האַרציקן דאַנק... איך קום גלייך...

ער האָט אויפגעהאָנגען דאָס טעלעפאָן-טרייבל און אַרום האַלב נאָך עלף ביינאַכט איז משה, אַ שטראַלנדיקער, אַריינגעקומען צו מיר אין שטוב נאָך מאַקס עריקס: „געשיכטע פון דער יידישער ליטעראַטור".

משה איז געווען אַריינגעטאָן אין דער יידישער ליטעראַטור מיט זיין גאַנץ לייב און לעבן. אַז ער האָט דערזען אַ ניי יידיש בוך האָט ער אויפגעציטערט, פונקט ווי אַ שיכור וואָס האָט שוין לאַנג נישט געטרונקען קיין בראָנפן און מיט אַ מאָל געקראָגן אַ פולע פלאַש אין האַנט אַריין.

משה פלעגט אַ ניי בוך באַטראַכטן פון אַלע זייטן ווי אַ פרומער ייד אַן אתרוג און דערביי פלעגט זיך אַ ליבלעכער, צופרידענער שמייכל באַווייזן אויף זיין פנים. ער איז דעמאָלט געווען דער גליקלעכסטער מענטש אין דער וועלט.

משהן האָט נישט געלאַקט קיין רייך לעבן, קיין לוקסוס, אים האָט נאָר בלויז אינטערעסירט דאָס יידישע בוך, די יידישע שפּראַך און די יידישע קולטור. פאַר דעם יידישן בוך, פאַר דער יידישער שפּראַך און פאַר דער יידישער קולטור האָט משה אַלץ מקריב געווען, אַלץ אָפּגעגעבן.

ווען דער ייוואָ איז געגרינדעט געוואָרן און מען האָט אָנגעהויבן זאַמלען ביכער פאַרן אַרכיוו אין ווילנע, האָט זיך משה אַריינגעוואָרפן אין דער אַרבעט פון זאַמלען ביכער מיט דעם גאַנצן פייער און ברען.

פון מיין קעלער פלעגן אַרויסגיין אַן אַ שיעור קאַסטנס מיט ביכער, וואָס מען האָט געזאַמלט אין ניו־יאָרק און ביי מיר אין קעלער געפּאַקט. איך האָב געקענט אַלע מענטשן, וואָס האָבן געזאַמלט ביכער און פּאַמפּ־לעטן, אָבער קיינער האָט נישט צונויפגעקליבן אַזוי פיל ביכער און פּאַמפּלעטן און מיט אַזאַ ברען ווי משה.

משה פלעגט רעדן מיט יעדן איינעם, וואָס האָט פאַרמאָגט יידישע ביכער און איז אַריינגעקומען אין מיין בוך-געשעפט. ער פלעגט גיין צו זיי אין שטוב אַריין און זיי איינרעדן און איבעררעדן, זיי זאָלן שיקן אַ טייל פון זייערע ביכער צו דעם ייוואָ אין ווילנע.

פיל מאָל פלעגט ער אַליין טראָגן די פּעק ביכער און אויך נעמען אַמאָל אַ טעקסי פאַר די אייגענע פאַר סענט, כאָטש די פאַר סענט זיינען דעמאָלט נישט געווען ביי אים אין אַ גרויסער צאָל...

קיינער האָט נישט אָפּגעשאַצט און קען נישט אָפּשאַצן די שווערע

און וויכטיקע אַרבעט, וואָס משה האָט אָפּגעגעבן פֿאַר דעם ייוואָ אין ווילנע און שפּעטער פֿאַר דעם היגן אָפּטייל.

משה האָט אויך געזאַמלט טויזנטער ביכער און פּאַמפֿלעטן פֿאַר דעם ייוואָ אין אַרגענטינע, פֿאַרן „בונד"־אַרכיוו אין ניו־יאָרק און פֿאַר דער קורסקי־ביבליאָטעק אין ארץ־ישראל.

משה האָט געלעבט און געאָטעמט מיטן יידישן בוך, מיט דער יידישער שפּראַך און מיט דער יידישער קולטור. משה איז געווען אַ בקי אין דער יידישער ליטעראַטור. ער האָט געהאַט אַ פֿענאָמענאַלן זכּרון צו געדענקען אַלץ, וואָס ס׳איז דערשינען אין יידיש, אַלץ וואָס ער האָט געלייענט. געווען אַ גרויסער מבין. ער האָט קיין מאָל נישט אַרונטערגעריסן אַ שוואַך בוך. ביי אים איז אַלץ, וואָס איז געווען געשריבן אין דער יידישער שפּראַך, פֿון זיך אַליין געווען גוט.

איך דערמאָן זיך אַ קאָמישן עפּיזאָד וועגן משהן, וואָס איך וויל דאָ דערציילן. דאָס וועט בולט באַווייזן ווי ערנסט ער איז געווען, ווען ער האָט זיך אונטערגענומען עפּעס צו טאָן לטובֿת דער יידישער ליטעראַטור.

ווען דער באַוואוסטער פֿאָלקלאָריסט י. ל. כּהן ע"ה האָט געקליבן פֿאָלקס־מעשׂיות און פֿאָלקסלידער, פֿלעגט אים משה אָדאָנער אַרומהעלפֿן דערמיט, וואָס ער פֿלעגט אויסזוכן עלטערע מענער און עלטערע פֿרויען, וואָס האָבן געדענקט צו דערציילן „מעשׂיות" אָדער אויסזינגען „לידער", וואָס זיי האָבן געהערט אין זייערע יונגע יאָרן, נעמען ביי זיי זייערע אַדרעסן און דערנאָך אַרויפֿקומען מיט כּהנען ע"ה אַלץ צו פֿאַרשרייבן.

האָט מיר משה דערציילט, ווי ער פֿלעגט אָפּשטעלן אין די גאַסן, אין די גערטנער און אין די סאָבוועיס עלטערע יידן און עלטערע פֿרויען און זיי פֿרעגן צי זיי געדענקען נאָך צו דערציילן די מעשׂיות, וואָס זיי האָבן געהערט פֿון זייערע באָבעס און זיידעס? צי געדענקען זיי נאָך די לידער, וואָס מען פֿלעגט דעמאָלט זינגען?

— ס׳רוב אָט די עלטערע מענטשן — פֿלעגט מיר משה דערציילן אין שפּאַס — פֿאַרשטייען נישט וואָס איך וויל פֿון זיי. וואָס פֿאַר אַ מעשׂיות?... וואָס פֿאַר אַ לידער?... — פֿרעגן זיי. זיי קוקן אויף מיר, ווי אויף אַ צעדרייטן... ווי אויף אַ משוגענעם... טייל ווערן צעטומלט און קוקן זיך אַרום דערשראָקענע... די מייניסטע לאָזן מיך שטיין אָן אַן ענטפֿער און גייען אַוועק.

— אָבער איך ווער נישט מיד... — דערציילט ווייטער משה, אָבער שוין נישט אין שפּאַס — איך ווער נישט מיד. איך שטעל נאָך אַלץ אָפּ עלטערע י״דן און עלטערע פֿרויען אין די גאַסן, אין די גערטנער און אין די סאָבוועיס און איך פֿרעג זיי מיין פֿראַגע...

— סוף־כּל־סוף טרעף איך אָן אַ סך מענטשן וואָס פאַרשטייען וואָס איך פרעג:

— יאָ, געווים... זיי געדענקען... די באָבע פלעגט דערציילן... דער זיידע פלעגט דערציילן...

— אָט די פיינע יידן, אָט די איידעלע פרויען — פלעגט משה פּאַרענדיקן דערציילן — זיי גיבן מיר מיט פאַרגעניגן זייערע אַדרעסן און צו זיי פיר איך כּהנען.

י. ל כּהן ע"ה פלעגט זיין אַן אָפטער אַריינגייער אין מיין בוך־געשעפט. אַזוי אויך אַ סך יונגע און עלטערע שרייבערס. האָט איין מאָל געטראָפן, אַז כּהן האָט זיך אין שפּאָס מכּלומרשט פאַרקלאָגט פאַר זיִשע לאַנדוין און פאַר מיר (משה איז דעמאָלט אויך געווען אין געשעפט, מער קיינער), אַז משה פאַרמאַטערט אים... ער וויל, איך זאָל גיין מיט אים יעדע נאַכט אין אַנדערע היימען פאַרשרייבן פאָלקס־מעשיות און פאָלקסלידער.

— ווער האָט אַזוי פיל כּוח ווי ער?... האָט כּהן אָנגעוויזן אויף משהן. — און ער שלעפּט מיך און גיט מיר נישט קיין רו!...

משה האָט נישט באַמערקט דעם שפּאָס און געענטפערט ערנסט:

— ווייסט איר, פריינד כּהן, אַז דער ייד צו וועלכן איך וויל אייך היינט פירן איז 89 יאָר אַלט?... קוים וואָס ער גייט. וואָס וועט זיין אַז דער ייד וועט, חלילה, מאָרגן שטאַרבן?... און די אַלטע פרוי מיט וועלכער איך האָב זיך באַשטעלט אויף איבערמאָרגן? אמת, זי איז נישט אַזוי אַלט... זי אַליין זאָגט אָבער אַז זי איז מער ווי 84 יאָר אַלט... איז אויף ווען זשע לייגט איר דאָס אָפּ, פריינד כּהן?... איר מיינט אַז די צוויי אַלטע לייט האָבן נישט וואָס צו טאָן, נאָר זיצן און וואַרטן ביז איר וועט האָבן כּוח?...

משה האָט איבערגעכאַפּט דעם אָטעם און ווייטער גערעדט:

— איר האָט נישט קיין כּוח... און וואָס וועט זאָגן דער מלאך המוות?... ווייסט איר וואָס פאַר אַ פיינע פאָלקס־מעשיות און פאָלקס־לידער קענען דאָ פאַרלאָרן גיין, אויב דער מלאך המוות וועט קומען צו זיי פריער פון אונדז?...

מיר האָבן זיך דעמאָלט שטאַרק צעלאַכט. משה האָט שוין פאַרשטאַנען, אַז כּהן האָט געשפּאַסט, האָט ער אויך האַרציק געלאַכט. אָבער ער איז באַלד געוואָרן ערנסט און לאַנג נאָך גערעדט, געוואָלט אונדז באַווייזן, ווי שטאַרק נייטיק עס איז צו באַזוכן אָט די אַלע עלטערע מענטשן:

— זיי שטאַרבן אויס און נעמען מיט מיט זיך גאַנצע אוצרות פון אונדזער אַלטן פאָלקלאָר — האָט משה גערעדט מיט האַרץ.

* *

...און איצט, ווען משה איז אַוועק פון אונדז, קומען מיר צוריק אויפן זכּרון יענע ווערטער זיינע:

— זיי שטאַרבן אויס און נעמען מיט מיט זיך גאַנצע אוצרות פון אונדזער פאָלקלאָר...

ס'איז ניטאָ און ניט געווען נאָך אַזאַ ליבהאָבער פון דער יידישער קולטור, ווי משה אָדאָנער איז געווען.

---

## ראובן אייזלאַנד

⁂

איך וויל זינגען דאָס ליד פון מיין פריינד משה,
אַ גלגול פון הייליקן נאַר,
מיט שלאַבערדיקע הענט און פיסלעך קאָמיש דינע
נאָר מיט אויגן קינדערשע, וואָס לויכטן פון פרייד
און זעען די צייט, די גרויסע צייַט,
ווען מזרח און מערב וועלן ווערן איינס.
און פון עק־וועלט ביז עק־וועלט וועט קלינגען
דאָס הייליקע, נאַרישע יידישע וואָרט.

אָי, גרויסער גאָט, אָי, גרויסער גאָט!
דו, וואָס האָסט מיך געשטראָפט מיט קלאָרער זיכערקייט,
פאַרשכּורט מיין האַרץ און פאַרווירט מיין קאָפּ,
לאָמיך איינמאָל כאָטש דערגרייכן
צום קנאַפּל פון קלענסטן פון אַלע נאַראָנים.

טייל פון אַ ליד מיטן נאָמען „דאָס ליד פון חסיד־שוטה און אַנדערע נאַראָנים”, געדרוקט אין זיין זאַמלונג „פון מיין זומער” — פאַרלאַג „אונדזער שייער”, ניו־יאָרק.

ניסן ברוסילאָוו

# משה ח״יי

(אין דמיון און אין וואָר)

מיט אַזאַ נאָמען האָב איך איין מאָל אָנגערופן — האַלב אין ערנסט, האַלב אין שפּאַס — משה אַדאַנער. ה״יי זענען די ראָשי־תּיבֿות פון „חובֿבֿי־יידיש".

צווישן די ראָמאַנטישע יידישע ריטער, וואָס זענען אויפגעקומען אין צוואַנציקסטן יאָרהונדערט (איצטער ס׳רובֿ אויפן עולם־האמת) און וואָס זענען געווען „שטערבלעך פאַרליבט" אין זייער אידעאַליזירטער דאַמע — מאַמע־לשון, — איז משהלע בלי־ספק געווען איינער פון די גאַלאַנטסטע, ענטוזיאַסטישסטע און איבערגעגעבנסטע.

משה אַדאַנער איז געווען אַן אמתער פאַרברענטער חסיד פון דער „ה״יי־באַוועגונג". אין זייער גאַנצער באַציאונג צו יידיש איז געווען אַ מין חסידישע דבֿיקות. מאַמע־לשון איז דאָך אונדזער נייַ לשון־קודש. אַ וואָרט־אינסטרומענט, וואָס צענדליקער יידישע מאַרטירער־דורות האָבן אויסגעפּורעמט אַזוי וואונדערלעך, אַזוי קינסטלעריש.

די וואָרט־שעפער פון יידיש זענען אונדזער גייסטיקע אַריסטאָקראַטיע. יעדער יידיש־שרייבער איז פון רביאישן גזע — אַ „גוטער־ייד", אַן „אייניקל". דאָרטן, וואו יידישע שרייבער וואוינען, דאָרט איז אַ חסידישער הויף; דאָרטן, וואו זיי קלייבן זיך צונויף, איז אַ שטיבל; דאָס וואָס זיי ריידן און שרייבן איז אונדזער נייַע תּורה.

אָנגעהויבן מיטן גרויסן זיידן ר׳ מענדעלען און אויסגעלאָזט מיטן מינדסטן היינטצייטיקן „אייניקל", זענען אַלע יידישע שרייבער געבענטשט מיט טאַלאַנט, מיט שעפערישן חן, מיט טיפזיניקייט. עס קאָן גאָר ניט געמאָלט זיין אַזאַ זאַך ווי אויסגעדראָשנקייט אין יידיש.

אונדזער מאַמע־לשון קאָן זיך פאַרמעסטן מיט די קולטורעלסטע לשונות אין דער וועלט. פאַרמאָגט דאָך יידיש אַן אוצר פון איבער

הונדערט טויזנט ווערטער ,דעם רייכסטן פאָלקלאָר פון פאָלקסדיכטונג, פאָלקס־חכמה און הומאָר; אַ טייטש־חומש, וואָס איז עלטער פון לוטערס ביבל־איבערזעצונג; עפּישע בבא־מעשיות, בדחנים־טרובאַדורן; די שענס־טע פּאָעזיע, די פיינסטע פּראָזע; גרויסע נאָוועליסטן און דראַמאַטורגן, גייסטרייכע עסייאיסטן, ערשטקלאַסיקע פּובליציסטן; געלערנטע פילאָ־לאָגן, עטנאָלאָגן, ליטעראַטור־היסטאָריקער און וואָס ניט?...

כ׳דערמאָן זיך, ווען משהלע איז איינמאָל אַרויפגעקומען פון איטשע בידערמאַנס קעלער אַ פאַרשטויבטער פון קאָפּ ביז די פיס. ער האָט דאָרט געהאַלטן אין סאָרטירן דעם גרויסן ביכער־אוצר וואָס איטשע האָט אָקאָרשט געהאַט אָפּגעקויפט ביים אַלטן מייזלען.

פון משהס פאַרשטויבטן מאָגערן פנים האָבן אַרויסגעשיינט אַ פּאָר ליכטיקע אויגן פול מיט נחת־רוח.

— פאַר אַ טאַפּעצירער איז שטויב ניט קיין נאָווינע. — האָט ער אַ זאָג געטאָן. כ׳פרעס זיך אָן אַ גאַנצן טאָג מיט דעם. אָבער דאָ איז אַן אַנדער מין שטויב,— אַ שטויב, וואָס דעקט צו גאָלד. —

אין מיינע אויגן האָט טאַקע משה אַדאָנער אויסגעזען אַזוי ווי אַ מענטש וואָס האָט אַנטדעקט אַ גאָלד־מינע.

מיט משהלען בין איך באַקאַנט געוואָרן מיט קנאַפּע פינף יאָר צוריק, ווען איך אַליין האָב זיך נאָר וואָס געהאַט באַוויזן אויף דער יידישער ליטעראַרישער גאַס. כ׳בין דעמאָלט אַרומגעגאַנגען אַ שאָ־קירטער פון איר מאַטעריעלער אָרעמקייט, פון דעם טיפן פּעסימיזם, כמעט דעפּיטיזם, וואָס האָט געהערשט אויף איר. איינער פון אונ־דזערע אָנגעזעענסטע שריפטשטעלער האָט צו מיר דעמאָלט ציניש אַ זאָג געטאָן:

„איר זענט אַריינגעפאַלן אין אַ פערטקלאַסיקן האָטעל, וואָס האַלט נאָך דערצו אין ירידה. אָט דאָס איז אונדזער הייַנטיקע יידישע לי־טעראַטור".

ביי משה אַדאָנער, דעם וואונדערלעכן פאָלקס־מענטש, וואָס האָט פאַר זיין שווער־פאַרהאָרעוועט געלט צונויפגעקליבן פאַר זיך איינע פון די גרעסטע יידישע ביבליאָטעקן אין דער וועלט, האָב איך אַזאַ פּעסימיזם קיינמאָל ניט באַמערקט.

פונקט פאַרקערט: יעדעס מאָל, ווען כ׳פלעג אים אָנטרעפן און פאַרברענגען מיט אים אַ ביסל אין איטשע בידערמאַנס בוך־געשעפט, איז אָט דער דאָזיקער גרויסער חסיד פון יידיש שטענדיק געווען אין אַ געהויבענער יידיש־יום־טובדיקער שטימונג. מיט פאַרליבטע אויגן פלעגט ער קוקן אויף די פאָליצעס מיט די לאַנגע שורות יידישע ביכער. זיי זענען אַלע געווען זיינע אינטימע טייערע פריינד. יעדער נאָמען,

יעדער באַנד, יעדעס שער־בלאַט, יעדע הילע זענען ביי אים געווען פּאַראַכפּערט, ממש איינגעבאַקן אין האַרצן.

די יידישע ביכער־וועלט איז געווען זיין גרויסע, לעבעדיקע, וואונ־דערלעכע רוחניותדיקע וועלט.

אין משה אַדאַנערס אָנווועזנהייט פלעג איך אויך האָבן דאָס געפיל, אַז דאָס יידישע וואָרט איז נאָך וויטאַל און פולסירנדיק; אַז די יידישע ליטעראַטור איז ניט קיין אָרעמע אַכסניה, נאָר אַ רייכער דערהויבענער טעמפּל פון גייסט.

איצטער איז שוין משה איינגעזאַמלט צו זיין פאָלק. אָבער אויב אַ גערעכטער מענטש האָט די פּריווילעגיע אויסצוקלייבן פאַר זיך דעם גן־עדן פון זיינע חלומות, איז משהלע איצטער אין יידישן גן־עדן צווישן מיליאָנען יידישע יידן, וואָס מאַמע־לשון איז זייער איינציק לשון. דער עיקרשט, אָבער, איז ער אַ שטענדיקער אַריינגייער אין גרויסן הויף „ח״יי״ פון „חסידי־יידיש״, וואו די גאַנצע גאָלדענע קייט פון יידיש־שעפער איז שוין פאַרזאַמלט, אַ רינגעלע צו אַ רינגעלע: פון די ראשונים, —דער עלטער־באָבע גליקל, דעם עלטער־זיידן אליהו־בחור; ביז צו אונ־דזערע גדולים, — דעם זיידן מענדעלע, די אייניקלעך שלום־עליכם און פּרץ; און ביז צו אונדזערע אחרונים, — אברהם רייזען און מאַני לייב, אַפּאַטאַשו און אַש.

די ערשטע וואָס האָבן דעם גאַסט אויפגענומען, אָפּגעגעבן אים דעם אמתן הימלשן שלום־עליכם זענען געווים געווען די ניט לאַנג צוריק אָנגעקומענע יעקב שאַצקי, משהלעס בוזעם־פריינט, און שמואל ניגער. זיי גיבן זיך דאָרט אויך אָפּ מיט זייער באַליבטער גייסטיקער אַרבעט: יעקב שאַצקי שרייבט די געשיכטע פון „וואַרשע של־מעלה״ און ניגער זאָגט אַ ליטעראַטור־שיעור אין דער יידישער ישיבה־של־מעלה.

משהלע האָט גאָר אָנגעקוואָלן:

— פון אונטן זענט איר אויך געווען אונדזער רש״ן, ר׳ שמואל ניגער! איר האָט געקנעלט מיט אונדז יידיש, אַזוי ווי מען קנעלט חומש מיט רש״י.

— וואָס הערט זיך פון אונטן? — האָט מען זיך ביי אים נאָכ־געפרעגט.

— עם ישראל חי און לשון־יידיש חי! — האָט זיך משהלע אָנ־גערופן אַ באַגייסטערטער.

— פון דיין מויל אין גאָטס אויערן. — האָט יעקב שאַצקי אַ זאָג געטאָן. — ביסט געקומען פּונקט אין דער ריכטיקער צייט, משהלע. מיר דאַרפן דיך דאָ האָבן פאַר אַן אַרויסהעלפער. אין בית־דין־של־

מעלה קומט איצטער פאַר אַ פּראָצעס, מען וויל פאַרמשפּטן יידיש אויף טויט.

דער הויפּט־קטיגור איז געווען אַ העברעער, אַ פייערדיקער קנאי.

— מלך עליון! — האָט ער געשטורעמט. — ס'איז שוין געקו־מען די צייט, אַז אַזאַ אומוועדיקע זאַך ווי יידיש זאָל פאַרשוואונדן ווערן פון דער ערד. דאָס איז אונדזער שאַנד, פּונקט ווי די געלע לאַטע, וואָס מיר פלעגן טראָגן אין מיטל־אַלטער.

— באַרעכן נאָר, וואָס פאַר אַ שפּיצל אונדזערע יידעלעך האָבן אָפּגעטאָן: מיט הונדערטער יאָרן צוריק, אין סאַמע ברען פון אונדזער גלות, האָבן אין מיטל־ און מזרח־אייראָפּע יידישע לופט־מענטשן, וואַ־כערניקעס, הענדלערס מיט אַלטוואַרג אויסגעבאַרגט ווערטער ביי אונ־דזערע בלוטיקסטע שונאים, — ביי די דייטשן, די אוקראַאינער און פּאָליאַקן. די דאָזיקע גויאישע שפּראַך־עלעמענטן האָבן זיי צונויפגע־מישט מיט אַ ביסל הייליק־לשון און ס'איז געבוירן געוואָרן אַ ממזר־שפּראַך, אַ קרעמער־זשאַרגאָן.

— טויזנט יאָר האָט דער גלות גענוצט יידיש־לשון, — אויב מען קען אָנרופן אַזאַ פאַרזעעניש מיטן נאָמען לשון — נאָר פאַר געמיינע צוועקן. די תּורה, אָבער, האָט מען ניט אויפגעהערט צו לערנען אין דיין הייליקער שפּראַך; און תּפילה געטאָן האָט מען שטענדיק צו דיר נאָר אין לשון־קודש.

— איצטער, צור ישראל, אַז אויף דער ערד קומט פאָר דער גרויסער קיבוץ־גליות. און די יידישע רעשטלעך שטראָמען פון די אַרבע פינות העולם אין אונדזער אייגן לאַנד, איז שוין די העכסטע צייט אַז די שפּליטערלעך־שפּראַכעלעך פון גלות זאָלן אָפּפאַלן פון אונדזער לייב אַזוי ווי אַלטע טראַנטעס. אַנדערש קענען זיי נאָך, חלילה, פאַראומריייניקן און צעמישן אונדזער הייליקע שפּראַך. וועלן מיר אויפן אָרט פונעם מגדל־ציון, וואָס מיר בויען, נאָר האָבן אַ מגדל־בבל.

— ס'אַ שענדלעכער בילבול, אָ פאָטער אין הימל! — האָט משהלע אויסגעשריען אַן אויפגערודערטער. — יידיש איז ניט קיין קרעמער־זשאַרגאָן. צענדליקער יידישע דורות איז מאַמע־לשון געווען ניט נאָר אַ שפּראַך פון לייב נאָר אויך פון דער נשמה. ווי אַזוי האָט דען „עמך" טויזנט יאָר תּפילה געטאָן צו דיר? ווי אַזוי האָבן אונדזערע מאַמעס אויסגעגאָסן זייערע הערצער פאַר דיר? ווי אַזוי האָבן זיי ליכט גע־בענטשט, קינדער פאַרוויגט?

— און וואָס וואָלט בכלל געוואָרן פון דער תּורה דיינער אויב ס'וואָלט ניט געווען קיין יידיש־טייטש? פון איר און פון דער גאַנצער יידישער אומה וואָלט שוין אפשר קיין זכר ניט פאַרבליבן.

— אַנצורופן יידיש אַ ממזר־שפּראַך דערפאַר, וואָס עס פּאַרמאָגט פרעמדע עלעמענטן, איז אַ חילול־השם! איז דען ניט פון דער פרעמדער רות, דער טאָכטער פון מואָב, אַרויסגעקומען דער זיסער זינגער פון ישראל? וואָס אַזוינס האָט דען עברית געשאַפן פאַר די לעצטע טויזנט יאָר, וואָס יידיש פאַרמאָגט ניט? וואָס האָט יהודה הלוי, וואָס אונדזער לייוויק, אים צו לענגערע יאָר, האָט ניט?

— אמת, משה! — האָט גאָט צוגעגעבן. — אָבער די יידן אַליין קערן זיך דאָך אָפּ פון יידיש. זיי ניצן אַלע לשונות פון די אומות־העולם. באַלד וועט שוין ניט זיין, ווער ס'זאָל אויסריידן אַ יידיש וואָרט.

— דאָס איז טאַקע אונדזער בראָך, האַר פון דער וועלט! אָבער ניט שוין־זשע וועסטו דערלאָזן אַז יידיש זאָל אומקומען צוליב די אומוויסנדיקע אַסימילאַטאָרן, וואָס פאַראַכטן אונדז, צוליב די בייזווייליקע קנאים, וואָס פאַרלוימדן אונדז? טאָמער וועלן פאַרבלייבן טויזנט מענטשן וואָס ריידן יידיש, ניט שוין־זשע וועסטו לאָזן מאַמע־לשון אומברענגען?

— אויב כ'וועל געפינען טויזנט, וועל איך ניט אומברענגען. — האָט גאָט געזאָגט.

— און טאָמער וועלן פאַרבלייבן נאָר הונדערט, וואָס ריידן יידיש, טאָמער וועלן פאַרבלייבן נאָר צען? — האָט זיך משהלע ווייטער געדונגען מיטן אייבערשטן — ניט שוין־זשע וועסטו דערלאָזן אַז יידיש־קודש זאָל פאַרגיין אויף אייביק?

— כ'וועל דאָס ניט טאָן, — האָט גאָט געזאָגט, — אויב כ'וועל געפינען אַפילו צען יידן, וואָס ריידן יידיש אויף דער ערד.

— האָב איך צו דיר אַ בקשה, רבונו של עולם! — האָט זיך משהלע אָנגערופן, — זאָל כאָטש איינמאָל אין חודש געבוירן ווערן אַ יידישער ייד אויף דער ערד; און איינמאָל אין צוויי דורות זאָל אַראָפּקומען אַ נייער שלום־עליכם.

— און איין משה אַדאָנער זאָל געבוירן ווערן יעדן דור, אַ ריכטער פון דער וועלט! — האָט יעקב שאַצקי אַריינגעוואָרפן אַ וואָרט. — דעמאָלט וועט טאַקע אין דער אמתן זיין „יידיש־לשון חי!"

און שאַצקי האָט משהלען אָפּגעפירט אין דער הימלישער קוואַרטיר, וואָס איז צוגעגרייט געוואָרן פאַר זיין פריינד: אין אַ פּאַלאַץ פון לויטערן קרישטאַל, פול מיט פּאַליצעס פון ריינסטן הימלבלוי. פון דאָרטן האָבן אַרויסגעשעמערירט ליכטיקע יידישע ביכער אָן אַ צאָל, — אַלץ וואָס ס'איז ווען געשריבן אָדער געדרוקט געוואָרן אין יידיש אויף דער וועלט.

— אַלע ביכער דאָ האָבן „אותיות פורחות", — האָט יעקב שאַצקי

דערקלערט. — דו דאַרפסט נאָר אַ טראַכט טאָן וועגן אַ בוך, וועלן די ווערטער אַרויספליען און וועלן זיך אַליין אַרויסלייענען, אָדער אַרויסזינגען; מיט אַ קלאַנג, אָדער אָן אַ קלאַנג; און פאַרנעמען וועסטו זיי ניט מיט די חושים, נאָר מיט דער נשמה.

— דו וועסט מער ניט דאַרפן אָנפרעסן זיך מיט טאַפּעציר־שטויב אַכט שעה אַ טאָג, כּדי צו געניסן פון אַ בוך אַ פּאָר שעה. דאָ וועסטו קענען פאַרברענגען מיט דיינע ביכער וויפיל דיין זעל פאַרלאַנגט, אויף אייביק און אייביק.

— מחמת דאָ ביסטו מער ניט משה אָדאָנער נאָר **משה אָדון־הספר,** —דער האַר און דער אויפזעער פון יידישן בוך.

האָב־זשע אַ ליכטיקן יידישן גן־עדן, משה אָדון־הספר! און זיי אַ מליץ־יושר פאַר אונדזער אָרעם יידיש אויפן עולם־השפל.

ב. י. ביאַלאָסטאָצקי

# אַ געשטאַלט

דעם גוטן אָנדענק פון אַ ליבן פריינט

ווער איז ער, ווער, וואָס זוכט און קלייבט,
און וואו אַ בוך — איז דאָרטן איז ער?
דאָס איז דאָך אונדזער גוטער פריינד,
דאָס איז דאָך משה'לע פאַריזער!

ער טראָגט אַ בוך פון האַנט צו האַנט,
אַ בוך פון דאָ, אַ בוך פון דאָרט —
און אומעטום ער זעט טאַלאַנט,
ער זוכט דאָס ליכט פון אונדזער וואָרט.

ער האַלט אַ בוך און רעדט מיט פרייד:
— נעמט קוקט זיך איין, נעמט לייענט דאָ!!
עס שיינט אין אים אַ גרויסע פרייד,
די פרייד פון קמץ־אלף — אָ.

ער רעדט מיט דבקות און מיט פלאַם:
— ס'איז מענדעלע אַ קלאָרער טייך,
און פרץ איז אַ טיפער ים,
צי ווייסט איר, ווי מיר זיינען רייך?

— און נייע, נייע קומען צו,
אַז וואו אַ לאַנד קלינגט אונדזער ליד!
אַזוי האָט ער געלויבט — געגלויבט,
דער ליבער וואונדערבאַרער ייד!

איך זע אים נאָך, איך הער זיין שטים,
אַז וואו אַ האָפענונג דאָרט איז ער —
ס'איז אומעטיק צו זיין אָן אים —
אָן אים — אָן משה'לע פאַריזער!

## אַ. גלאַנץ־לעיעלעס

# משה אָדאָנער דער יידישיסט

דער אומגעריכטער טויט פון משה אָדאָנער האָט נישט בלויז אַרויס־גערופן טיפן טרויער צווישן אַלע יידישע שרייבערס און באַוואוסטזיניקע לייענערס, נאָר אויך אַ היפשע צאָל פון אונדז בפירוש פריטשמעליעט.

משה אָדאָנער האָט אויף אַזוי־פיל געהערט צו דער ליטעראַרישער סביבה פון ניו־יאָרק, אַז מען האָט גאָרנישט געטראַכט וועגן זיינע יאָרן און נישט אָנגעהויבן צו פאַרדעכטיקן, אַז דער מלאך־המוות זאָל אים פעסט האַלטן אויף דער רשימה פון זיינע חשבונות. עס איז עפּעס ווי אויסגעקומען, אַז „משה'לע פאַריזער" — ווי ער איז פּאָפּו־לער געווען באַקאַנט — איז אַ מין אייביקער, אומפאַרענדערלעכער אָרנאַמענט פון דעם יידישן שרייבן דאָ. כּל זמן דאָס שרייבן איז דאָ, וועט אויך, מוז אויך זיין דער געטרייער לייענער און זאַמלער.

נאָר דער שוואַרצער פּרינץ האָט זיך דווקא יאָ געפירט זיין בוכ־האַלטעריע און אין אַ געוויסן טאָג אויסגעמעקט דעם נאָמען משה אָדאָנער פון דעם בוך פון לעבן.

עס איז אַ גרויסער ווייטיק און אַ גרויסער אָנווער פאַר אונדז אַלעמען. ער און זיין ליולקע וועלן מער נישט געזען ווערן. אַ שטיק ליטעראַריש ניו־יאָרק האָט זיך אָפּגעריסן און איז אַוועק אין די אָפּגרונטן.

משה אָדאָנערן איז געווען טייער יעדעס בוך, יעדע שריפט אויף יידיש. דער אינהאַלט איז אים איז ווינציקער אָנגעגאַנגען, ווי דער פאַקט, וואָס עס איז יידיש. ער האָט ווי איבערגעלאָזט דער מאַדאַם היסטאָריע צו באַשטימען דעם ווערט פון דעם תּוכן. דער עיקר איז געווען יידיש לשון און יידיש בוך.

אַזוי האָט ער אָפּגעשפּאַרט פון זיינע נישט צו גרויסע פאַרדינסטן

יעדן דאָלאַר און יעדן סענט, וואָס ער האָט זיך נאָר געקאָנט פאַרגינען, און געקויפט, געקויפט ביכער — אָן אַ שיעור און אָן איינזעעניש פאַר זיינע אַנדערע באַדערפעענישן.

איך האָב משה אַדאַנערן געקענט פון די סאַמע ערשטע טעג, וואָס ער איז געקומען קיין אַמעריקע — בעת אָדער באַלד נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה. איך האָב דעמאָלט געהאַט די געלעגנהייט אויסצוגע־פינען, אַז נישט בלויז איז ער אַ יידיש־ענטוזיאַסט און האָט ממילא ליב יידישע שרייבערס, נאָר אַז ער קלייבט זיך אויסגעצייכנט פאַנאַנדער אין די פאַרשיידענע שרייבערישע פאַרהעלטענישן און האָט וועגן זיי אַ גאַנץ באַשטימטע און גאַנץ געזונטע מיינונג. איך רעד וועגן דער צייט, ווען די יידישע ליטעראַרישע גאַס האָט געשוויבלט און געגריבלט מיט אַלערליי ליטעראַרישע קאַמפן, מחלוקתן לשם שמים און נישט אַזוי לשם שמים. ער האָט דאָס אַלץ געזען, זיך אויסגעצייכנט פאַנאַנ־דערגעקליבן אין זייער זינען און גוטמוטיק, ווי אויך צוועקמעסיק אונטערגעשמייכלט.

פאַר אים פערזענלעך האָבן עקזיסטירט בלויז יידיש־שרייבערס. זיי האָט ער רעספּעקטירט און אין זיין באַציאונג נישט געמאַכט קיין חילוק צווישן די, וואָס פון זיי האָט ער יאָ געהאַלטן און יענע, וואָס זענען נישט אַזוי געווען לויט זיין לייענערישן געשמאַק. דער עיקר — יידיש. דאָס איז געווען זיין גלויבן, זיין פּראָפעסיע. דער יידישיסט.

ער האָט געהאַט רעספּעקט פאַר אַלע יידישע שרייבערס און יידיש־טוערס. אָבער — קיין שום חניפה. און גראָד דאָס איז אָפט געווען אַ גרויסע באַפרידיקונג אין די באַגעגענישן מיט אים. אין דעם איז גע־לעגן אַ שלל מיט זעלבסט־ווירדע.

איך שרייב דאָס אַלץ אייגנטלעך, כּדי אין געציילטע ווערטער אויסצודריקן מיין טרויער און באַדויער אויף זיין פּלוצימדיקן אַוועקגיי.

מען קאָן זיך אפשר פאָרשטעלן אַ ליטעראַטור אָן לייענערס, ס'הייסט אַזוינע, וואָס זענען אַליין נישט קיין שרייבערס. נאָר עס איז אַ פאַרגע־ניגן און אַן אָנגענעמע איבערלעבונג צו טרעפן אַ חשובן געטרייען לייענער, וואָס האָט דאָס לייענען און דאָס פאַרמאָגן ביכער דערפירט צו אַ מין קינסטלערישער מדרגה. אָט די באַטעמטע איבערלעבונג האָבן מיר פאַרלוירן מיט משה אַדאַנערס טויט.

כּבוד זיין אָנדענק!

קלמן הייזלער

# דער מבין אויפן יידישן בוך

איך וויל געבן עטלעכע ווערטער פאַר דעם בוך, וואָס ווערט אַרויס־געגעבן לזכרון פון דעם זעלטענעם אָריגינעלן מענטשן, וועלכער האָט געלעבט, געאָטעמט, געקרענקט און געוויטיקט מיט דעם יידישן בוך, מיט דעם יידישן שרייבער.

בשעת איך האָב אַרויסגעגעבן מיין ערשטלינג „מענטשן" און בין יעדן טאָג געקומען אויף דער „עווענין" אָפּנעמען די מינדלעכע און געשריבענע שבחים, דערציילט מען מיר, „אַז די „מענטשן" זיינען געפעלן געוואָרן זייער שטאַרק אויך משה פּאַריזער..." פרעג איך: „ווער איז דער משה פּאַריזער?" און פאַר וואָס רופט מען אים פּאַריזער? זאָגט מען מיר, אַז ער קומט פון פּאַריז (און דערפאַר איז ער אַ פּאַריזער) אָבער אַז אַ בוך געפעלט דעם משהן — איז נישט קיין קלייניקייט; ווייל ער איז אַ מבין, ער ווייסט וואָס ער רעדט... בין איך געווען צופרידן און האָב געטראַכט, אַז מסתּמא וועל איך דעם משה פּאַריזער באַלד באַ־געגענען און פערזענלעך אָפּנעמען פון אים דעם גוטן גרוס וועגן מיין ערשטלינג ביכל. אַזוי איז טאַקע געווען. ערגעץ אויף אַ פאַרזאַמלונג איז ער צו מיר צוגעקומען — מיט דער פּיפּקע אין דער האַנט — און מיט דעם רויך פון דער פּיפּקע אַרום אים און ער גיט מיר אַ וואַרעמע האַנט און זאָגט זייער קורץ און בינדיק: „מענטשן — זייער פיין — שרייבט נאָך אַזוינע..." האָב איך אים געזאָגט, ווי צופרידן איך בין פון זיין מבינות, אפשר מער ווי פון די פּראָפעסיאָנעלע מבינות־זאָגער.

אַזוי פלעגן מיר זיך יאָר איין־יאָר אויס באַגעגענען; און שטענדיק ווען איך האָב אַרויסגעגעבן אַ ניי בוך, איז ער שוין געווען ביי מיר איינער פון די ערשטע, ווען איך האָב דאָס בוך אַנטקעגן געטראָגן אַ מתּנה, ווייל עפּעס האָב איך אַלע מאָל געפילט, אַז דאָס בוך פאַלט אַריין אין גוטע הענט אַריין; ס'וועט דעם בוך גוט זיין ביי אים. דאָס

בוך וועט שוין נישט פאַרלוירן גיין אַפילו פאַר דער געשיכטע. ווייל משה זאַמלט דאָך אַלע יידישע ביכער; און אַפילו נאָך זיין אָפּשטאַרבן, האָב איך געטראַכט, וועט עמעצער זען, אַז די אַלע צונויפגעזאַמלטע „אוצרות" משהס זאָלן ערגעץ געפינען אַן אָרט, אַ היים... בלויז אַ פיר וואָכן, איידער ער האָט אויסגעהויכט זיין לעצטן אָטעם, האָט ער מיר באַפוילן מיט שלום וואַסילעווסקין, אַז אים פעלט אין זיין זאַמלונג מיין בוך „געשעענישן און געשטאַלטן", 1938; איך זאָל אים צושיקן דאָס בוך. האָב איך זיך נישט געאיילט און דאָס אָפּגעלייגט אויף שפּעטער. ווער זאָל וויסן, אַז משהלע פאַריזער זאָל דווקא אויסקלייבן צו פאַרלאָזן אונדזער יידישע ביכערוועלט, וואָס איז געווען זיין איינ-ציקע וועלט, אַזוי גיך? פאַר די יידישע שרייבער איז אָפּגעשטאָרבן אַן אמתער ליבהאָבער, באַוואונדערער, איינער פון די געציילטע אויף אונדזער יידישער גאַס... זאָל זיין נאָמען אַזוי געדענקט ווערן אויף תּמיד...

שלום וואַסילעווסקי

# אַלצדינג פאַרן יידישן בוך

אַזוי ווי איך בין געווען דער סעקרעטאַר פון משה אָדאַנער בוך־קאָמיטעט, איז מיר אויסגעקומען איבערלייענען אַלע אַרטיקלען, וואָס זיינען אַריין אין בוך. איז פאַרשטענדלעך, אַז איך וויל ניט איבער־חזרן די אַלע לויב־געזאַנגען און שבחים פאַר משהן ע"ה. איך וויל זיך דעריבער באַגרענעצן מיט אַ פּאָר ווערטער און עפּיזאָדן וועגן אים.

כאָטש איך האָב זיך באַגעגנט אַ סך מאָל מיט משהן אין בידער־מאַנס בוך־געשעפט, האָב איך זיך ערשט גוט באַקענט מיט אים אין יאָר 1944, ווען איך האָב זיך אַריינגעצויגן אין די שלום־עליכם הייזער, וואו משה האָט פון פריער נאָך געוואוינט.

עס איז איבעריק צו זאָגן, אַז זיין גרויסע ביבליאָטעק האָט צו־געצויגן יעדן איינעם, וואָס האָט געוואָלט נהנה זיין פון יידישן קוואַל, נאָר אויך זיין אייגענע פּערזענלעכקייט, זיין פּאָלקישקייט, זיין צניעות, זיין וויסן, און איבער אַלעם — זיין ליבע צום יידישן וואָרט האָט צוגע־צויגן צו אים. איך בין זיך מודה, אַז איך האָב אַ סך געלערנט פון משהן וועגן יידישער ליטעראַטור, וועגן מקורות און וועגן זעלטענע יידישע ביכער, ווייל ער אַליין איז געווען אַ גייענדיקע ענציקלאָפּעדיע. ער האָט געוואוסט געניו, וויפל ביכער פון יעדן שרייבער ער האָט און וויפל עס פעלן אים. און זיין פרייד איז געווען גרויס, ווען אים איז געלונגען צו קריגן אַן אויסגאַבע, וואָס אים פעלט.

איז ער, למשל, געוואויר געוואָרן, אַז עמעצער האָט אַ בוך, וואָס ער האָט נאָך נישט געזען, האָט ער נישט גערוט, ביז וואַנען ער האָט דאָס בוך געזען. גראַדע האָט זיך געמאַכט, אַז איינער, וואָס האָט גע־האַט אַזאַ בוך, האָט געוואוינט ווייט, איז אַוועקגעגאַנגען פרי און געקו־מען שפּעט אין הויז. האָט משה זיך ניט געפוילט, אויפגעשטאַנען גאָר פרי, און 6 אַזייגער פאַרטאָג האָט ער ביי יענעם אָנגעקלונגען. די מענטשן האָבן זיך טאַקע דערשראָקן, אָבער ער האָט דאָס בוך געזען.

מיט מיר אַליין האָט פּאַסירט אַ טשיקאַווע זאַך, וואָס איז ווערט באַשריבן צו ווערן, ווי אַזוי משה האָט ניט דורכגעלאָזט קיין שום געלעגנהייט, אַז ער זאָל דער ערשטער קריגן אַ נאָר וואָס דערשינען בוך.

איך האָב געאַרבעט מיט אַ מאַן, וועלכער באַלאַנגט צום אַרבעטער־רינג בראַנטש 611. דער מאַן האָט מיר דערציילט, אַז זיין בראַנטש גייט

אַרויסגעבן אַ בוך, טאַקע מיטן נאָמען 611. איך האָב וועגן דעם משהן גאָר־נישט דערציילט, ווייל איך האָב פשוט געוואָלט איין מאָל פריער פאַר משהן קריגן אַ בוך. אין אַ געוויסן שבת אָוונט איז געווען אַ באַנקעט אין דעם ברענטש, וואו מע האָט צעטיילט דאָס נאָר וואָס דערשינענע בוך, און מיין מיטאַרבעטער האָט מיר מאָנטיק פרי געבראַכט אין שאַפּ דאָס בוך. נו, איצט בין איך געווען זיכער, אַז איך בין פריער פאַר משהן. אָבער ווען איך בין מאָנטיק אָוונט אַריינגעגאַנגען צו משהן אין הויז, האָט ער שוין געהאַט דאָס בוך. לאָזט זיך אויס אַ מעשה, אַז אין אונ־דזערע הייזער וואוינט אַ פרוי וואָס באַלאַנגט אויך צום ברענטש 611, וואָס איז אויך געווען ביים באַנקעט, און זי האָט אים נאָך זונטיק פרי געבראַכט דאָס בוך.

משה האָט שטענדיק גערעדט וועגן יידישער ליטעראַטור און לי־טעראַרישע ענינים. ער איז געווען אויסגעקאָכט מיט אַלע שרייבער, מיט אַלע פּאַסירונגען אַרום די שרייבער און זייערע ביכער. ווען מען פלעגט אים אַמאָל פרעגן: משה, וואָס מאַכט איר? וואָס מאַכט די ווייב און קינדער? האָט ער געענטפערט: „עס דרוקט זיך... עס גייט שוין באַלד אַרויס...".

כאָטש משה איז ניט געווען קיין רעליגיעזער ייד, זיינען אים אָבער געווען טייער אַלע יידישע קוואַלן, פון וואַנען זיי זאָלן נישט קומען. אַזוי האָט ער זיך געפרייט, אַז דער משניות איז איבערזעצט געוואָרן אויף יידיש, גמרא — אויף יידיש; און ער האָט געהאַט אַ גרויסע זאַמלונג מיט מחזורים, סידורים, סליחות, קינות און פאַרשטייט זיך דעם תנ"ך מיט פאַרשיידענע איבערזעצונגען אויף יידיש.

צוליב זיין גרויסער ליבע און גרויסער קנאות פאַר יידיש פלעגט ער זיך צעקריגן מיט אַ סך מענטשן, אָבער קיינער איז מיט אים נישט ברוגז געוואָרן. אַלע האָבן אים פאַרגעבן, ווייל זיי האָבן געוואוסט, אַז ער טוט דאָס לשמה, אַז אין דער אמתן איז ער אַ וואוילער, ערלעכער און ביז גאָר פריינטלעכער מענטש.

ווען משה איז געשטאָרבן אין יולי 1957, האָבן מיר באַשלאָסן, אַז אַזאַ טייערער ייד דאַרף פאַראייביקט ווערן אין דער יידישער ליטע־ראַטור, אין דער ליטעראַטור, פאַר וועלכער ער האָט זיין גאַנץ לעבן געקעמפט.

אַ פּאָר שכנים פון הויז און פריינט האָבן זיך צוזאַמענגערעדט. מיר האָבן זיך געווענדעט צו די יידישע שרייבער, וואָס האָבן אים גע־קענט פון דער נאָענט, און דער רעזולטאַט איז — דאָס ביכל, וואָס ליגט פאַר אייך.

א. ווילנער

# אויף די שפּורן פון פאַרבאָרגענע אוצרות

געזעלשאַפטלעכע באַוועגונגען און אידייען האָבן זייערע חסידים און זייערע ל״ו. אויך דער געדאַנק פון זאַמלען מאַטעריאַלן צו דער געשיכטע פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג האָט אַזעלכע. געווען דער גרויסער קנאי, וואָס האָט דעם ענין דאָקומענטאַציע פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג געמאַכט פאַר זיין לעבנסציל, אינהאַלט און לעבנסווערק — דאָס איז געווען חבר **פראַנץ קורסקי**.

אָבער אַז פראַנץ קורסקי האָט געהאַט תּלמידים־זאַמלער, וואָס זיינען אַזוי ווי ער געווען באַהערשט פון דער ליידנשאַפט צו זאַמלען, צו זאַמלען און אָפּהיטן, צו פאַרהיטן פאַר דער קומענדיקער געשיכטע די דאָקומענטן פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג, דאָס האָבן נישט פיל געוואוסט. במשך פון זיין קורצער עקזיסטענץ אין ניו־יאָרק האָט דער אַרכיוו שוין באַקומען פיל ווערטפולע מאַטעריאַלן פון יחידים און אָרגאַניזאַציעס, און אויף אַזאַ אופן זיינען די זאַמלערס „אַנטדעקט״ געוואָרן.

זיי האָבן אַ סך שותּפותדיקע שטריכן און אַ סך ענלעכקייט איינער צום צווייטן. יעדער פון זיי האָט זיינע יונגע, שטורעמדיקע יאָרן פאַרבראַכט אין „בונד״. יעדער פון זיי האָט איינגעהאַלטן אַן אינטימע באַציאונג צו דער באַוועגונג, וואָס האָט זיי אויסגעהאָדעוועט און אין שויס פון וועלכער זיי זיינען געוואַקסן. יעדער פון זיי האָט איינגעהאַלטן די גרויסע מאָס פון געזעלשאַפטלעכער אַחריות, וואָס דער „בונד״ האָט דערוועקט און געפאָדערט ביי דער יידישער אַרבעטער־מאַסע און ביים יחיד.

זיי האָבן אַ סך שותּפותדיקע שטריכן און אַ סך ענלעכקייט. זיי האָבן אַלע צו דעם געדרוקטן וואָרט פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג דעם גרויסן דרך־ארץ, וואָס דער „עם־הספר״ האָט געהאַט צו די פאָרמען פון זיין גייסטיקער שאַפונג.

לאָמיר דאָ דערמאָנען איינעם פון זיי.

ח׳ משה אָדאָנער פון ניו־יאָרק איז פון פאַך און באַשעפטיקונג אַ טאַפּעצירער. געווען אַקטיוו אין „בונד״ אין וואַרשע פון 1906. אַליין

אַן אַרבעטס־מענטש, און דאָך פֿאַרמאָגט ער די גרעסטע פּריוואַטע קאָ־לעקציע פֿון יידישע ביכער, און דאָס אַלץ האָט ער צונויפגעקליבן פֿאַרן פּרייז פֿון אָפּזאָגן זיך פֿון דעם נייטיקסטן. זיינע מתּנות און זאַמל־אַרבעט האָבן געהאָלפֿן אויפשטעלן די ייוואָ־ביבליאָטעקן בשעתּה אין ווילנע און שפּעטער אין ניו־יאָרק און בוענאָס־איירעס. ער איז אַליין אַ גייענדיקע ביבליאָגראַפֿיע פֿון יידישן בוך. די ליבע צום בוך איז די הייליקע עבודה, צו וועלכער ער דינט זיין גאַנץ לעבן, און אויב די עבודה קען געפֿאָרט ווערן מיט עניוות, ווי אין דער פּערזאָן פֿון ח׳ משה אָדאָנער, דאַן דערגרייכט ער נאָך אַ העכערע מדרגה.

ח׳ אָדאָנער האָט געשאָנקען דעם אַרכיוו פֿון „בונד״ און פֿון דער אַרבעטער־באַוועגונג א. נ. פֿראַנץ קורסקי, וואָס געפֿינט זיך אין ניו־יאָרק, אַ פֿולע קאָלעקציע פֿון אויסגאַבעס וועגן בירא־בידזשאַן און אויך אַ גאַנצע ריי בונדישע, אַנאַרכיסטישע און פּועלי־ציוניסטישע אויסגאַבעס.

מלכה לי

# דער פֿאַרליבטער אין יידישן בוך

משהלע, אַזוי האָט מען אים גערופֿן. זיין פּנים דין, זיין געשטאַלט — ווי ער וואָלט שטענדיק לויפֿן. די ליולקע אין מויל, איז ער געלאָפֿן נאָכן גרויסן אומשאַצבאַרן אוצר: נאָך אַ יידיש בוך.

מיט דרייסיק יאָר צוריק האָבן מיר זיך צום ערשטן מאָל גע־טראָפֿן אין הויז פֿון מרים און י. ל. כּהן. ביי דער ערשטער באַגעגעניש האָבן מיר זיך געקריגט. ווייל אַלץ, וואָס עס איז אַרוים דעמאָלט אויף יידיש, איז ביי אים געווען הייליק. ער איז געווען אַזוי פֿאַרליבט אין אַ יידיש בוך, ווי אַ חתן, וואָס זעט ניט קיין פּגימה אויף דער כּלהס פּנים.

שפּעטער זיינען מיר געוואָרן שכנים אין די שלום־עליכם הייזער. משהלע פֿלעגט לויפֿן אַלע פֿרימאָרגן צו דער אַרבעט. ער איז געווען אַ מייסטער ביי זיין פֿאַך. ער פֿלעגט איבערציען סאָפֿעס און שטולן. ווען ער פֿלעגט פֿאַרנאַכט אַהיימקומען, האָט ער געטראָגן, ווי אַ פֿרומער ייד די תּפֿילין, אַ פּעקל מיט יידישע ביכער.

ווער איז צו אים געווען גלייך? ער איז געווען צונויפֿגעבונדן מיטן יידישן בוך. ער פֿלעגט עס לייענען און איינזאַפּן דאָס געלייענטע, ווי אַ געטראַנק, און קיין בעסער געטראַנק איז ניט געווען, ווי דאָס יידישע בוך, דאָס יידישע וואָרט; ער פֿלעגט שיכּור ווערן פֿונעם אינהאַלט.

און אַזוי ווי אַ הייבאַם נעמט אָפּ דאָס ערשט געבוירענע קינד, איז ער געווען דער ערשטער אָפּנעמער פֿון יידישן בוך אין דער דרו־קעריי. ער האָט געוואַרט אויפֿן בוך מיט ציטער; און נאָך איידער ער האָט געלייענט, איז ער געווען באַגייסטערט; ווייל אַ ניי יידיש בוך איז געבוירן געוואָרן. ער איז געווען דער געטרייסטער לייענער פֿון דער יידישער ליטעראַטור.

דעם לעצטן פֿרילינג האָב איך אים געזען אַ שיינעם און דער־

הויבענעם. ווער האָט געוואוסט, אַז דער טויט האָט זיך באַזעצט אין זיינע געדערים? די ליולקע האָט געשפּילט מיט פייערלעך, און ער איז געגאַנגען אין פּאַרק און דערציילט פון די נייע ביכער. און פּלוצלונג האָט זיך צעטראָגן די טרויעריקע נייעס, אַז משהלע איז זייער קראַנק, און ווי אַ ליכט האָט ער זיך אויסגעלאָשן אין שרעקלעכע פיזישע ווייטיקן.

אונדזער הויז, דאָס „שלום-עליכם"-הויז, איז פאַריתומט געוואָרן. די גאַנצע יידישע ליטעראַטור האָט פאַרלוירן דעם געטרייסטן לייענער. און די אותיות פון די אַלע ביכער באַוויינען אים איצט, ווייל אויך זיי פלעגן קריגן אַ תיקון פונם געטרייסטן לייענער, וואָס האָט געקאָנט גיין אין פייער פאַרן יידישן בוך.

י. ליפשיץ

# אָדאַנער — דער יידיש־קנאי

משה אָדאָנערן האָב איך דאָס ערשטע מאָל באַגעגנט מיט אַ וועלכע דרייסיק יאָר צוריק אין הויז פון דר. שאַצקי, וועמענס שכן ער איז דעמאָלט געווען. אין די לאַנגע יאָרן שפּעטער האָב איך אָדאָנערן אָפט ווידער געטראָפן ביי די שאַצקים און אין בידערמאַנס בוכהאַנדלונג אין ייוואָ און ביי פאַרשיידענע אונטערנעמונגען. מיר פלעגן זיך אויך ניט זעלטן באַגעגענען אין גאַס; און ווען און וואו מיר פלעגן זיך ניט טרעפן, פלעגן מיר שטענדיק שמועסן — אַמאָל בקיצור און אַמאָל גאַנץ באַריכותדיק. איך קאָן זיך אָבער ניט דערמאָנען, אַז מיר זאָלן איינמאָל פון די אַלע גאַנץ אָפטע באַגעגענישן האָבן גערעדט וועגן עפּעס אַנדערש ווי וועגן ביכער, יידישע ביכער.

די מענטשן, וואָס האָבן געקאָנט משה אָדאָנערן בלויז אויבער־פלעכלעך, האָט זיך געקאָנט אויסדוכטן, אַז משה אָדאָנער בייט זיינע פּאָליטישע איבערצייגונגען גאַנץ אָפט — אָט איז ער אַן אָנהענגער פון אַ לאַנד מיט אַזאַ סיסטעם און אָט איז ער אַן אָנהענגער פון אַן אַנדער לאַנד מיט אַ גרונט־פאַרשיידענער פּאָליטישער סיסטעם. דער אמת איז אָבער געווען דאָס, אַז משה אָדאָנער האָט יעדער לאַנד און יעדער פּאָליטישע סיסטעם אָפּגעשאַצט בלויז דורך דעם יידישן בוך. האָט מען אין דעם לאַנד געדרוקט אַ סך יידישע ביכער, איז אָדאָנער געווען אַן אָנהענגער, אַ באַגייסטערטער פאַרליבטער פון דעם לאַנד, האָט דאָס לאַנד געמעגט זיין סטאַלינס רוסלאַנד, פּילסודסקיס פּוילן אָדער פּעראָנס אַרגענטינע.

אָדאָנער האָט אָפּגעלעבט קרוב צו פופציק יאָר אין ניו־יאָרק און די גרויסע ענגליש־רעדנדיקע אַמעריקע און אַפילו די קלענערע ענגליש־רעדנדיקע יידישע אַמעריקע, זיינען געווען ווייט און פרעמד פון אים, ווי זיי וואָלטן געווען אויף אַן אַנדער פּלאַנעט. ער האָט בלויז פיזיש

געלעבט אין דעם ניט־יידיש ־רעדנדיקן אַרום. גייסטיק האָט ער זיך אויסגעלעבט אין דעם יידיש־לאַנד, וואָס ווייסט ניט פון קיין גרענעצן און וואָס ציט זיך איבער כּמעט אַלע יידישע ישובים. די יידישע אַרגענ־טינע, די יידישע וואַרשע און אַפילו די אַמאָליקע קנאַפּ־יידישע מאָסקווע, זיינען געווען אַ טייל פון זיין מלכות־יידיש, און ער איז געווען אַן איינגעבירגערטער תּושב פון דעם גרענעצלאָזן יידיש־לאַנד.

אַ יידיש בוך איז ביי אַדאָנערן געווען אַ געשעעניש, אָפט אַ טיפע גייסטיקע איבערלעבונג. איך געדענק איך האָב אים מיט לאַנגע יאָרן צוריק געטראָפן אין אַ קאַלטן ווינטערדיקן טאָג בראַדיען אין דעם בלאָטיקן שניי אויף פערצנטער גאַס און אונטערהוסטן. ער האָט אויס־געזען ניט מיט אַלעמען און איך האָב אים שטאַרק אויסגערעדט, וואָס ער האָט זיך אַ פאַרקילטער אַרויסגעלאָזן אין אַזאַ טאָג אין גאַס אַריין. ער האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ, אַז איך בין גערעכט און באַלד צוגע־געבן ווי זיך צו פאַרטיידיקן, אַז ווי קען ער זיצן אין דער היים, אַז ער איז נאָר וואָס געוואָר געוואָרן, אַז דער ערשטער באַנד פון ישראל צינבערגס „געשיכטע פון דער ליטעראַטור ביי יידן" איז אָנגעקומען צו בידערמאַנען.

משה אַדאָנער איז געווען פאַרליבט אין יעדן בוך זיינעם און האָט ניט געקרן אויסגעבאָרגט זיינע ביכער. אים האָט זעלטן ווען באַפרידיקט, ווי אַזוי די באָרגער האָבן באַהאַנדלט זיינע ביכער: ניט גענוג זאָרג־פעלטיק און ניט מיט גענוג דרך־ארץ. כּמעט אַלע ביכער זיינען געווען פאַרוועבט און פאַרבונדן מיט געשעענישן, וואָס האָבן אים און די ביכער פאַרקניפּט אין אַן ענגערן בונד.

יעדער אָנגריף אויפן יידישן וואָרט און אויף דעם יידישן בוך האָט אים טיף באַליידיקט פערזענלעך. ער וואָלט דאַכט זיך ניט געקאָנט רעדן מיט קיין מענטשן וואָס איז געווען אַ קעגנער פון יידיש. ווען עס איז פאָרגעקומען איינע פון די פּעריאָדישע אויפרודערונגען אַרום יידיש אין ארץ ישראל, פלעג איך דאָס גלייך דערפילן ביים טרעפן זיך מיט אַדאָנערן. ער איז דעמאָלט געווען ווייטלעך און קאַלט צו מיר. ווי מיר וואָלטן זיך געהאַט, חלילה, געקריגט אָדער זיך באַליידיקט. בדרך כּלל איז ער, ווי ס'איז געווען זיין נאַטור, געווען צוגעלאָזן און פריינט־לעך. די סיבה פון אָט די פּעריאָדישע „ברוגזן" פלעגן זיין דער רעזולטאַט דערפון, וואָס משה אַדאָנער האָט געוואוסט, אַז איך געהער צו דעם פּראָ־ארץ־ישראל לאַגער און אין זיין גרימצאָרן אויף די אין ארץ־ישראל, וואָס האָבן באַליידיקט יידיש, האָט ער ניט געקאָנט אויסשליסן קיינעם, וואָס האָט אַ וועלכע ניט איז שייכות מיט דעם לאַנד, כאָטש יענער איז געווען פונקט אַזוי קעגן דעם אַנטי־יידיש אַרויסטריט ווי ער. אין זיין

ליבע צו יידיש איז משה אָדאָנער געווען טאָטאַל און אומקאָמפּראָמיס־לעך ווי אַ זעכצניעריקער בחור אין זיין ערשטער ליבע...

אָדאָנער האָט ניט געהערט צו יענע זאַמלער, וואָס זייער צאָל איז גאַנץ גרויס, וואָס לעבן אַן אָפּגעשלאָסן לעבן מיט זיך און זייערע ביכער. ער האָט ניט געוואָלט בלויז קאַפּן אַן ערשט בוך — דאָס האָט אים גאָר קנאַפּ אינטערעסירט — אָדער אַ זעלטענעם ספר. אים האָט מער אינ־טערעסירט דאָס, וואָס עס איז צוגעקומען אַ נײַ יידיש בוך. ווער שמועסט אַז דאָס נײַע בוך איז נאָך געווען פון אַ נײַעם, נאָך ניט באַקאַנטן שרייבער, איז ער גאָר געווען מלא שמחה און גאַנץ אָפט צוגעשריבן דעם נײַעם שרייבער אַ סך מער טאַלאַנט, ווי דער שרייבער האָט פאַרמאָגט. דאָס איז געווען אָדאָנערס נקמה אין די שוואַרצזעערס, ווי ער וואָלט צו די צווייפלערס געזאָגט: זעט, אַ פרישער סימן פון דער לעבעדיקער יידישער שפּראַך.

יעדע גרעסערע יידישע ביבליאָטעק איבער דער גאָרער יידישער וועלט, אויב משה אָדאָנער האָט נאָר געהאַט געהערט פון איר און אויב זי האָט זיך געניייטיקט אין יידישע ביכער, האָט זי, די ביבליאָטעק, געהאַט אין אָדאָנערן אַ שטילן אָבער איבערגעגעבענעם מעצענאַט. עס איז ניט געווען קיין אונטערשייד צי די ביבליאָטעק האָט עקזיסטירט אין פּוילן, אין ארץ־ישראל אָדער אין אַרגענטינע.

גלייך ווי דער יידישער וויסנשאַפטלעכער אינסטיטוט איז געשאַפן געוואָרן, האָט נאָך דער דעמאָלט פאַרהעלטניסמעסיק־יונגער אָדאָנער מיט נאָך עטלעכע מענטשן פון די עסקנים אַרום דער אַמעריקאַנער סעקציע פון ייוואָ, באַשלאָסן צו זאַמלען ביכער פאַר דער נײַ געשאַ־פענער אינסטיטוציע אין ווילנע. אַלע אַנדערע, וואָס האָבן צוגעזאָגט צו זאַמלען ביכער, זיינען אָדער שנעל מיד געוואָרן אָדער אין בעסטן פאַל צוגעשיקט דעם סעקרעטאַר פון דער אַמעריקאַנער סעקציע, דר. יעקב שאַצקין, אַ פּאָר ביכער זיי איבערצושיקן קיין ווילנע. צוויי מענטשן האָבן יאָרן לאַנג געזאַמלט, געפּאַקט און איבערגעשיקט טויזנטער ביכער, פּאַמפלעטן, זשורנאַלן און צייטונגען. דאָס זיינען געווען משה אָדאָנער און ש. מענדלסאָן, אים צו לענגערע יאָר. אין דער ייוואָ־צענטראַלע אין ווילנע האָט מען אַ לאַנגע צייט געמיינט, אַז דאָס זיינען צוויי רייכע אַמעריקאַנער יידישע מעצענאַטן, ליבהאָבער פון יידיש און ניט קיין צוויי אָרעמע, גאַנץ אָפּט אַרבעטסלאָזע יידישע אַרבעטער.

משה אָדאָנער איז ניט געווען קיין אינטעלעקטואַל. ער האָט ניט פאַרמאָגט די איינגעבוירענע פעאיקייטן פון אַ סך אויטאָדידאַקטן פון אונדזער סביבה, וואָס האָבן געהאַט אוניווערסאַלע גייסטיקע אינטערעסן און זיך מיט גרויס זשעדנעקייט איינגעשאַפט אַ סך וויסן פון דעם רייכן

אַמעריקאַנער גייסטיקן אַרום און דאָס אַלץ פּאַרדייט. אַדאַנערס גייס־טיקע דיעטע איז ניט נאָר געווען באַגרענעצט צו דער יידישער סביבה, פון וועלכער ער איז קיין מאָל קולטורעל ניט אַרויס אַפילו צוליב נייגער, נאָר אַפילו אין אונדזער ווינקל האָט זיך אַדאַנער באַגרענעצט דאָס רוב צו פאָלקלאָר און צו דער שיינער ליטעראַטור. זיכער האָט ער אויך געקויפט און געזאַמלט ווערק אויף אַנדערע געביטן פון דער יידישער קולטור. זיין אייגענער טיפער אינטערעס איז אָבער געלעגן אין דעם גרויסן יידישן פאָלקס קוואַל — אין יידישן פאָלקלאָר און אין דער שיינער ליטעראַטור.

משה אַדאַנער האָט זיין טיפע ליבע און שטאַרקע צוגעבונדנקייט צום יידישן וואָרט צו דעם יידישן בוך אַנטוויקלט צו אַ הויכער מדרגה, צו אַן אויסגעאיידלטן קולט. דאָס גערודפטע און אָפט באַליידיקטע יידישע בוך איז געווען זיין בת־מלכּה און ער, משה אַדאַנער, איר איי־דעלער ריטער, וואָס איז גרייט געווען צו יעדער צייט צו פאַרטיידיקן איר כּבוד.

אַ ליטעראַטור, וואָס קאָן אויסהאַלטן אַזעלכע איבערגעגעבענע פאַרליבטע לייענערס און זאַמלערס, ווי משה אַדאַנער, פאַרמאָגט אין זיך אַ כּישוף, וואָס קאָן פּשוטע פאָלקס מענטשן פאַרוואַנדלען אין גייס־טיקע פּרינצן, ווי זי האָט דאָס געטאָן מיט אונדזער אַדאַנערן.

ער האָט געלעבט אַ שיין לעבן.

יעקב לעווין

# משה׳לע אָדאָנער —
# דער איבערגעגעבענער לייענער

מער ווי דער לייענער דאַרף דעם שרייבער, דאַרף דער שרייבער דעם לייענער.

עס איז ניט גענוג פֿאַר דעם דיכטער און פֿאַר דעם שרייבער, ווען ער קאָן אויסזינגען זיין ליד אָדער אָנשרייבן זיין דערציילונג. אין דעם שרייבער און נאָך מער אין דעם דיכטער זיצט אַ מאָנער, וואָס פֿאָדערט ער זאָל אַרויסברענגען זיינע בילדער, זיינע געפילן, זיינע אידייען. דער שרייבער געפינט זיך אין אַ צושטאַנד פון טראָגן אַ קינד, און ער מוז דאָס אָפּהאָבן, כדי צו דערפילן זיך באַפרידיקט און צופרידן און אַמאָל אַפילו גליקלעך.

אָבער אַפילו ווען דער שרייבער האָט זיין ליד אָדער דערציילונג שוין אָנגעשריבן אָדער דאָס בוך אַרויסגעבראַכט, איז זיין צופרידנקייט ווייט ניט פול. עס איז ביי אים פאַראַן אַ טיפער באַגער צו טיילן זיך מיט זיינע אידייען און געפילן מיט אַנדערע, מיט די לייענער. און עס מאַכט דערביי ניט אויס, צי דער שרייבער וויל באַוואוסטזיניק באַווירקן די לייענער מיט זיינע געדאַנקען, מיט זיינע מיינונגען, צי אים אַרט אין גאַנצן ניט, אַז דער לייענער זאָל פון אים דירעקט באַאיינפלוסט ווערן. דאָס וואָס זיין גייסטיקער איך וועט קומען אין באַרירונג מיט לייענער, דער באַוואוסטזיין אַז זיין שאַפונג האָט ניט דורכגעקלונגען אין אַ מדבר, נאָר האָט געפונען דעם וועג צו מענטשן, ווי ער, און האָט אָפּ־געקלונגען אין זייערע הערצער און מוחות, דער דאָזיקער באַוואוסטזיין גיט דעם שרייבער די גרויסע באַפרידיקונג.

נאַטירלעך וויל יעדער שרייבער, אַז די לייענער זאָלן דערפילן, אַז זיי האָבן עפּעס געפונען אין זיין שאַפונג און אַרויסגעטראָגן פון

איר, און זיינען אים דערפאַר דאַנקבאַר. ער וויל אַפילו, אַז די דאָזיקע דאַנקבאַרקייט זאָל אָפּקלינגען הויך; אַז זיין ווערק זאָל געלויבט ווערן. אָט די דאָזיקע אָנערקענונג פון זיין שאַפונג איז די גרעסטע באַלוינונג וואָס אַ שאַפער, אַ שרייבער קאָן באַקומען.

געוויס קאָן טרעפן אַז די אָפּשאַצונג פון דעם לייענער, פון דעם גוטן און אַפילו בעסטן לייענער — דעם קריטיקער — זאָל ניט זיין צום גונסטן פון דער שאַפונג. דאָס רופט אָפּטמאָל אַרויס פאַרדראָס און אַן אונטערדריקט געמיט ביים שרייבער. אָבער שוין דאָס דער־מאָנען זיין נאָמען אַליין — אַפילו צום נעגאַטיוון — איז אַ דערגרייכונג פאַר אים.

אַזוי איז דער שרייבער פאַרבונדן מיט דעם לייענער. אָבער צווישן די לייענער זיינען פאַראַן גאָר ווייניקע, וואָס שטעלן זיך אַלס ציל נישט בלויז צו לייענען, נאָר אויך טאַקע אָפּצורופן זיך אויפן געלייענטן, אָפּ־צושאַצן דאָס, און טיילן זיך מיט זיינע איינדרוקן און מיינונגען מיט נייע לייענער. דאָס זיינען די **קריטיקער** — די געוואונטשנסטע און די שרעקפולסטע מענטשן פאַרן שרייבער. די מערסטע לייענער זיינען שטילע. וואָס זיי טראָגן אַרויס פונעם געלייענטן, טראָגן זיי אין זיך: צי דאָס איז דאַנקבאַרקייט און באַוואונדערונג, צי רוגזה און געגנער־שאַפט; פאַרגעניגן צי אומצופרידנקייט, אָבער דאָס אַלץ האַלטן זיי פאַר־באָרגן ביי זיך. סיי ווען עס מאַכט אויף זיי אַן איינדרוק, וואָס זיי טראָגן מיט זיך אַ לאַנגע צייט, סיי ווען זיי לייענען דורך און פאַר־געסן באַלד; אַזוי צי אַזוי טיילן זיי זיך זעלטן וועגן זייערע איינדרוקן מיט אַנדערע; דאָס זיינען שטומע לייענער.

אַמאָל אָבער זיינען צווישן די געוויינטלעכע לייענער פאַראַן מענטשן אַרטיקולירטע, וואָס קאָנען ניט האַלטן אין זיך די איינדרוקן פונעם געלייענטן. זיי מוזן זיך טיילן מיט אַנדערע מיט דעם, וואָס זיי האָבן אַרויסגענומען פונעם געלייענטן, באַזונדערס פון אַ גאַנץ בוך. צו אָט דער קאַטעגאָריע האָט באַלאַנגט משה'לע אָדאַנער. דאָס איז גע־ווען אַ לייענער פאַר עקסעלאַנס. איינער וואָס האָט ניט געקאָנט אויס־קומען אָן אַ בוך; וואָס האָט געהאַט אַ דראַנג נאָך ביכער. אָדאַנער האָט קענטיק געהאַט פונקט אַזאַ באַגער צו לייענען יעדעס נייע בוך, ווי דער שרייבער האָט געהאַט עס אַרויסצוברענגען פון זיך. יעדעס מאָל ווען עס איז דערשינען אַ ניי בוך, האָט אָדאַנער באַקומען אַ געפיל פון הונגער נאָכן בוך. ער האָט געדאַרפט קריגן דאָס בוך און דורכ־לייענען דאָס, כּדי צו שטילן דעם הונגער. אָבער דורכלייענען דאָס בוך אַליין איז פאַר אים ניט געווען גענוג. ער האָט געמוזט זיך טיילן מיט די אַרומיקע, מיט די מיט וועמען ער האָט זיך באַגעגנט. און דאָס

טיילן זיך האָט געוויינטלעך געטראָגן די פאָרם פון אַרויסגיסן פון זיך זיינע איינדרוקן, פון לאָזן די צוהערער פילן, אַז דאָס בוך איז אַזאַ, וואָס איז ווערט געלייענט צו ווערן; ניין, פיל מער: וואָס עס איז ווינטשנסווערט דאָס צו לייענען און נאָך מער, וואָס מע מוז דאָס אפילו דורכלייענען. אַדאַנער האָט אַלעמאָל גערעדט מיט פאַטאָס וועגן אַ דורכגעלייענט בוך. ער האָט גענוצט סופּערלאַטיוון, באַשרייבנדיק דאָס בוך. און אַ צוהערער איז געוויינטלעך אַוועק פון אים מיט דעם איינדרוק, אַז אַדאַנער האָט ניט נאָר געלייענט דאָס בוך, נאָר האָט דאָס דורכגעלעבט, און אַז זיין מיינונג איז דעריבער אויפריכטיק.

די אַלע וואָס האָבן געקענט אַדאַנערן זיינען גענייגט צו גלויבן, אַז ער האָט געמוזט גוט פאַרשטיין אַ בוך. ווייל עס איז דאָך ניט מעגלעך, אַז אַן אינטעליגענטער מענטש זאָל אַזוי פיל לייענען און זאָל ניט קענען ווי געהעריק אָפּשאַצן אַ בוך.

ניט ווייניקער האָט זיך געוואָרפן אין די אויגן אַ צווייטער שטריך אַדאַנערס: ער איז געווען אַ זאַמלער. פאַר אים איז ניט גענוג געווען צו לייענען אַ בוך; ער האָט געדאַרפט האָבן דאָס בוך, אָדער ריכטיקער — פאַרמאָגן דאָס בוך. און ווי שווער דאָס איז אים ניט אָנגעקומען, האָט ער איינגעקויפט זיך אַ ים מיט ביכער. ניט נאָר די געוויינטלעכע, וואָס זיינען געווען צוגענגלעך לויטן פּרייז, נאָר — און טאַקע הויפּטזעכלעך — די, וואָס זיינען געווען אויסערגעוויינטלעך סיי לויטן אינהאַלט און סיי לויטן אויסזען, ניט קוקנדיק אויף דעם וואָס זיי האָבן געקאָסט אַ סך. און אַדאַנער האָט אָנגעזאַמלט אַ גרויסע ביבליאָטעק, אין וועלכער עס געפינען זיך אַ סך פון די פיינסטע און זעלטנסטע יידישע ביכער. איך שטעל זיך פאַר דעם פאַרגעניגן פון אַדאַנערן ווען ער איז נאָך דער אַרבעט געקומען אַהיים און האָט זיך אַוועקגעזעצט אין זיין ביבליאָטעק-צימער וואָס פון זיינע פּאָליצעס האָבן אויף אים געקוקט די פיינסטע יידישע גייסטער, וואָס האָבן איבערגעלאָזן נאָך זיך פאַר אים זייער ירושה.

**און אַ דריטן שטריך האָט אָדאָנער פאַרמאָגט: ער האָט ליב געהאַט** די יידישע שפּראַך. געקומען פון פּוילן מיטן רייכן פּוילישן דיאַלעקט אין זיין מויל, האָט ער זיך באַצויגן צו זיין מאַמע-לשון מיט דער גרעסטער וואַרעמקייט. אַדאַנער האָט ניט גערעדט אויף קיין אַנדער שפּראַך מיט די, וואָס האָבן פאַרשטאַנען יידיש. ער האָט זיך געפרייט מיט יעדן דערפאָלג פון יידיש, און אפשר איז זיין ליבע צום יידישן בוך געווען אין אַ גרויסער מאָס אַ רעזולטאַט פון זיין ליבע צו יידיש. דערפאַר האָט אים אויך ניט נאָר פאַרדראָסן נאָר טאַקע ווייט געטאָן יעדער אָנפאַל אויף יידיש, יעדע באַליידיקונג פון יידיש, פון וואַנען זיי זאָלן ניט האָבן

געקומען. און אפשר איז אויך אָדאָנערס נעגאַטיווע באַציאונג צו ישראל געווען אַ רעזולטאַט פון דער נעגאַטיווער באַציאונג פון ישראל צו יידיש.

עס איז געווען אינטערעסאַנט אָדאָנערן הערן רעדן וועגן דערפאָלג פון יידיש, אויף וועלכן געביט דאָס זאָל ניט זיין. איר האָט דעמאָלט געזען פאַר זיך אַ מענטשן אַ באַגייסטערטן: די אויגן זיינע האָבן געלויכטן, די שפּראַך איז געווען אַ זאַפטיקע, אַ בילדלעכע, אין רעדן האָבן אָנטייל גענומען די הענט און אַלע מוסקולן פון פּנים. און די צוהערער האָבן צוזאַמען מיט אים געפילט זיך נאָענט, צוגעבונדן צו אונדזער אַלעמענס מאַמע־לשון.

לאַנג, לאַנג וועלן אָדאָנערס באַקאַנטע אים געדענקען, אים — דעם גרויסן ליבהאָבער פון דער יידישער שפּראַך און פון יידישן בוך.

שמואל לעווין

# אָדאָנער — אַן אייגנאַרטיקער טיפּ

אין וואָס ווייניקער אינדוסטריעל-ציוויליזירטע לענדער און אין וואָס קלענערע שטעט מענטשן לעבן, אַלץ גרעסער איז זייער אינדיווי־דועלע אייגנאַרטיקייט, די באַזונדערע טיפּישקייט פון יחידים. אין די קליינע שטעטלעך, אַפילו פון די אינדוסטריעל-ציוויליזירטע לענדער, זיינען פּראָפּאָרציאָנעל דאָ מער אייגנאַרטיקע טיפּן ווי אין די גרויסע שטעט. די טיפּישקייט פון די ערשטע איז בולטער, קלאָרער, אויסגע־שפּראָכענער און אָפענער ווי פון די לעצטע. דאָס זיינען באַקאַנטע פאַקטן; זיי שפּיגלען זיך באַזונדערס אָפּ אין דער שיינער ליטעראַטור. גאָר באַזונדערס אייגנאַרטיק זיינען געווען די קליינשטעטלדיקע יידישע טיפּן אין מזרח-אייראָפּע; ווייל זייער יידיש לעבן איז געווען אַזוי אַנדערש ווי פון די קריסטלעכע שכנים: זיי האָבן געלעבט פולשטענדיק אָפּגעזונדערט און לגמרי פאַר זיך. זייער לעבן איז געווען אַנדערש נישט בלויז בנוגע רעליגיע און טראַדיציע, נאָר אויך סאָציאַל־עקאָנאָמיש: זיי האָבן זייער חיונה געצויגן כּמעט דורכויס פון האַנד־ווערק, קליינהאַנדל, פאַרמיטלעריי און פון פאַרשיידענע לופט-פּרנסות. גאָר גאָר ווייניק יידן האָבן געאַרבעט אין די פאַבריקן פון יענע זייער קנאַפּ אינדוסטריאַליזירטע לענדער, אַפילו נישט אין לאָדזש און ביאַ־ליסטאָק. די מאַסע יידישע וועבער אין די דאָזיקע שטעט זענען אין זייער רוב מנין ובנין געווען כאַלופּניקעס: זיי האָבן געאַרבעט אויף האַנדוועב-שטולן אין זייערע היימען אָדער ביי קליינע יידישע פאַב־ריקאַנטלעך.

צווישן די באַזונדערע סימנים מובהקים אין דער יידישער אייגנ־אַרטיקייט פון מזרח-אייראָפּע איז געווען דאָס באַשטיין אויף אמת, אויף גערעכטיקייט, אויף יושר, וואָס האָט צומיינסטנס געמיינט כּמעט פאַר יעדן לויט זיין אייגענער אויסטייטשונג. און כּמעט יעדערער

איז געווען אַן עקשן, געברענגט כּל הראיות און געדרייט מיטן גראָבן פינגער (לויטן אייגענעם שכל), אַז נאָר זיין אויסטייטשונג איז ריכטיק. דער וואָס האָט עס ניט געקאָנט באַווייזן, איז אַלצאיינס געבליבן בײַ ס'זייניקע — ער האָט ניט נאָכגעגעבן. (איך רעד בלויז וועגן מאַן. ווייל פרויען האָבן דערין גאָר ווייניק, כּמעט גאָרניט אָנטייל גענומען). אַ צווייטער פון די באַזונדערע סימנים מובהקים אין דער יידישער אייגנאַרטיקייט אין מזרח-איראָפּע איז געווען: דער געוואַלדיקער אָפּטימיזם (סאַראַ פּאַראַדאָקס צו די טויזנטער יאָרן פון כּמעט אוממענטשלעכע ליידן אין זייער טראַגיש לעבן!). דער דאָזיקער אָפּטימיזם ווערט נאָך היינט באַצייכנט אַלס דער יידישער. די דאָרטיקע יידן האָבן עקשנותדיק זיך געהאַלטן ביי אים און אים עקשנותדיק פאַרטיידיקט (אויך עד היום ביז אַ געוויסער מדרגה אומעטום אין דער וועלט) קעגן די ווייניקע יידישע פּעסימיסטן און סקעפּטיקער. דאָס איז פאַר יענע יידן געווען פּסיכאָלאָגיש און לאָגיש קאָנסעקווענט.

פון יענער, אונדזער מזרח-איראָפּעאישער יידישער אייגנאַרטיקייט, ספּעציפיש יידישער טיפּישקייט, איז דאָ אין אַמעריקע זייער ווייניק, אָדער כּמעט גאָרנישט געבליבן. פון די הונדערטער טויזנטער אַהערגעקומענע, יעדער כּמעט אַ טיפּ פאַר זיך — אַ סך ווי פון קינסטלער אין האָלץ געשניצט, אין שטיין געהאַמערט, אין בראָנדז געגאָסן, יעדער פּלאַסטיש אין זיין אייגנאַרטיקער אָריגינאַליטעט — פון זיי אַלע זענען פאַראַן בלויז נאָך יחידים. דער רוב מנין ובנין, זיך אין מיליאָנען פאַרמערט, האָבן כּמעט פון אָנהייב אָן גענומען פאַרלירן זייער אַריבערגעבראַכטע אייגנאַרטיקייט, זייער קולטור-ספּעציפישקייט, די גרויסע עשירות פון זייער יידישער טיפּישקייט. זייערע קינדער און קינדסקינדער, אינגאַנצן אויסגעהוילט פון יידישער קולטור און טראַדיציע — רעליגיעזער צי וועלטלעכער, געזאַמלט, געשפינט און געוועבט אין מסירת-נפשדיק אָפּגעהיטן — האָבן זיך כּמעט פולשטענדיק אַסימילירט מיט זייערע קריסטלעכע שכנים דאָ. זיי האָבן זיך אַליין שטאַרקער און שטאַרקער באַמיט צו ווערן אַמעריקאַנער, אין אַלעם גלייך צו זייערע קריסטלעכע שכנים, אויסצואוואָרצלען פון זיך אַליין, וואָס זיי האָבן געירשנט פון זייערע טאַטעס און מאַמעס, זיידעס און באָבעס, אויסצואוואָרצלען אַזוי, אַז ס'זאָל נישט בלייבן קיין סימן דערפון אינערלעך און אויסערלעך. נישט הונדערט, נאָר צוויי-הונדערט-פּראָצענטיקע ווילן זיי זיין. דאָ און דאָרט זענען נאָך פאַראַן רעשטלעך וואָס באַמיען זיך צו זיין יידן ווי יענע אַ מאָל פון יענער זייט ים, אָבער ס'גייט נישט. ווייל זיי מישן זייער יידישקייט מיט אַמעריקאַנישקייט. יענע אָבער, אין דער אַלטער היים, זענען געווען הזהר והזהר — אַז אין זייער יידישקייט זאָל חלילה קיין

שמין פונעם שבניש-קריסטלעכן נישט אַריינדרינגען. ס'יידישע פּרצוף פון די דאָזיקע רעשטלעך דאָ הי, איז דעריבער זייער מטושטש און ווערט אַלץ מער מטושטש.

מיט איינעם פון די אין אַמעריקע נאָך ווייניק פּאַראַנענע יחידים פון אנדזער רייכן אַמאָל, בין איך געווען נאָענט באַקאַנט איבער צוואַנציק יאָר — שיר פון זינט איך בין אַהערגעקומען. ער האָט געהייסן משה אַדאַנער. מיר זענען די גאַנצע צייט געווען שכנים. שוין מער ווי פערציק יאָר, אַז ער האָט אַהער איינגעוואַנדערט. נישט פון פּוילן, וואו ער איז געבוירן געוואָרן, איז ער אַהערגעקומען, נאָר פון פּאַריז וואו ער האָט געלעבט אַ היפּשע צייט. געווען איז ער איינער פון א. מ. ווייסנבערג אַזוי קינסטלעריש געמאָלטע טיפּן, איינער פון זיין מייסטערדערציילונג „אַ שטעטל", כאָטש געווען איז ער אַ וואַרשעווער (געבוירן אין איינער פון די אָרימסטע געסלעך אין יידישן פירטל). נאָך נישט קיין צען יאָר אַלט, האָט ער גענומען לערנען אַ מלאכה, און אַ „בונדיסט" — פון זינט ער איז געוואָרן אַ געזעל. געלעבט כל ימיו פון יגיע כפּיו, שטענדיק אַ טאַפּעצירער און שטענדיק „אַ בונדיסט". אין זיין כאַראַקטער און פּערזענלעכקייט איז געווען דאָס אַלץ, וואָס איך האָב באַצייכנט אַלץ סימנים מובהקים אין דער אייגנאַרטיקייט פון די יידן אין מזרח-אייראָפּע. ער האָט זיך אַרומגעקריגט כמעט מיט יעדן פאַר זיינע אמתן, פאַר זיין אופן פאַרשטיין יושר און גערעכטיקייט, איינגעשפּאַרט זיך געהאַלטן ביי זיינס קעגן די לאָגישסטע אַרגומענטן פון אַנדערע. טראָץ דעם האָט אים יעדער גערן געהאַט, ס'איז קיינער מיט אים און ער מיט קיינעם נישט ברוגז געוואָרן. אַן אָפּטימיסט, אַפילו ווען גרויסע אָפּטימיסטן האָבן זיך גענומען וואַקלען. אַ קינד פון יידישע פאָלקסמאַסן אין פּוילן — איז ער אין תוך און עצם געווען אַ גלייביקער, נישט פרום לויטן שולחן ערוך, אָבער פרום-גלייביק לויט דער בונדישער תורה. איר איז ער געבליבן געטריי און איבערגעגעבן כל ימיו, אָפּגעהיטן אין קלענסטן דין און איז קיין מאָל נישט נכשל געוואָרן; ער האָט קיין מאָל נישט עובר געווען אויפן מינדסטן פּונקט אינעם פּראָגראַם פון זיין פּאַרטיי, אַפילו ווען אירע פירערס, צי אַ טייל פון זיי, האָבן נאָך דער צווייטער וועלט-מלחמה מוותר געווען אין זייער קאַמף קעגן געוויסע אידעאָלאָגיעס, ווי למשל, קעגן דער אידעאָלאָגיע פון ציוניזם.

משה אַדאַנער ע"ה איז געווען אַן איש תם ונשלם. ווי אַ פאָלקסמענטש איז פאַר אים אַלין (הוין רעליגיע) אין דער פאָלקס-טראַדיציע געווען טייער און הייליק. מע זאָגט „פאָלקס-טראַדיציע", ווייל טראַדיציע האַלט זיך אויפן פאָלק, אויף די הונדערטער טויזנטער, אויף די מיליאָנען פּשוטע מענטשן, וואָס זענען דער פונדאַמענט פון אַ פאָלק.

דער קליינער מיעוט, די אַריסטאָקראַטיע, וואָס האַלט זיך פאַרן „אויסבערשטן פון שטויסל", האָט אין איר גרעסטן טייל, כּמעט ביי אַלע פעלקער און אויך ביי אונדז, כּמעט זיך קיין מאָל נישט גערעכנט מיט דער טראַדיציע פון פאָלק. אַפילו נישט מיט דער רעליגיע, וואָס איז אין אַמאָליקע צייטן געווען און איז אויך נאָך היינט אין די מייסטע לענדער (דאָרט וואו קירכע איז נישט אָפּגעטיילט פון מלוכה) דער עיקר און דער יסוד פון דער מלוכה. זיכער, אומעטום איז דער מלך מיט זיינע שרים, די רייכע און מעכטיקע, געקומען אין די טעמפּלען צו די רעליגיעזע צערעמאָניעס (אַזוי איז עד היום, חוץ אין קאָמוניסטישע און צום טייל אויך אין דעמאָקראַטישע לענדער). ס'איז געווען מלוכה־פליכט. פאַרצייטנס איז אין געוויסע לענדער דער מלך געווען אויך דער כּוהן גדול. די טעמפּלען, באַזונדערס אין די מעטראָפּאָליעס, זיינען דעריבער געווען (און זיינען נאָך היינט) די וואונדערלעכע אַרכיטעקטאָנישע בנינים, די פּרעכטיקסטע פּאַלאַצן, אינעווייניק דעקאָרירט מיט די טייערסטע שטאָפן, מיט גאָלד און זילבער און אבנים טובות, הערלעך געמאָלן, מיט בילדער און סטאַטועס פון די גרעסטע קינסטלער. דאָס אַלץ מער לכּבוד המלך, ווי פאַר גאָט ווענגן. די רעליגיעזע צערעמאָניעס זיינען געפּראַוועט געוואָרן מיט גרויס פּאָמפּ, מיט מוזיק און טענץ; זיי זיינען געווען די גרויסאַרטיקסטע ספּעקטאַקלען. זיינען דעריבער אפשר גערעכט די, וועלכע האָבן געטענהט פריער און טענהן ווייטער, אַז דער עיקר אין קיום האומה איז טראַדיציע, און נישט רעליגיע. אַ פאָלק לעבט מיט און אין דער טראַדיציע, איינס ס'אַנדערע איז געטריי און איבערגעגעבן און שטיצט זיך קעגנזייטיק. האָט אַ פאָלק — צוליב געוויסע סיבות — זיך אָפּגעקערט פון זיינע טראַדיציעס, הערט עס אויף צו זיין דאָס זעלבע פאָלק וואָס ס'איז געווען, ס'ווערט אַ מאַסע (אויב אין אַן אייגן לאַנד), אָדער אַסימילירט פונעם פאָלק, צווישן וועלכן ס'לעבט.

משה אָדאָנער, ע"ה האָט דאָס אינסטינקטיוו און אויך באַוואוסטזיניק באַנומען. אַ קינד פון זיין פאָלק, אַן עמך־מענטש, איז ער געווען און געבליבן פאַרשפּינט און פאַרוועבט אין זיין פאָלק און אין זיינע טראַדיציעס. ער איז געווען און געבליבן פאַרבונדן מיטן נאָפּל פון די יידן אין פוילן, ווי אַ קינד אין בויך פון דער מוטער איז פאַרבונדן מיט דער מוטערס גוף. און פונקט ווי ער איז אין פוילן נישט געוואָרן קיין פּאָליאַק, אין פראַנקרייך קיין פראַנצויז, אַזוי איז ער אין אַמעריקע נישט געוואָרן קיין אַמעריקאַנער, כאָטש ער האָט אַמעריקע אַזוי שטאַרק ליב געהאַט, אַז ער האָט דאָ, אין דעם לאַנד, שיר געזען די פאַרווירקלעכונג פון זיין סאָציאַליסטישן טרוים; יעדנפאַלס האָט ער געגלייבט,

אַז דאָ ווערט געבויט סאָציאַליזם אויף אַ פּריוואַטיטעלעכן דעמאָקראַטישן אופן. ער איז אַפילו קיין אַמעריקאַנער ייד נישט געוואָרן, נאָר געבליבן אַ פּוילישער ייד, ווי ער וואָלט דאָרט געלעבט.

די יידן זענען שוין אין דער תּורה באַצייכנט געוואָרן אַלס אַן „עם קשה עורף". געמיינט איז עס געווען לגנאי. און דאָך איז עקשנות געווען און געבליבן איינס פון די עיקר פאָלקסאייגנשאַפטן, וואָס האָט אין יעדער עת צרה געהאָלפן ביישטיין די שווערסטע נסיונות און בלייבן אַ יידיש פאָלק. עקשנות און סבלנות זענען די שטאַרקסטע כּוחות אין קאַמף פאַר אַן אידייע, פאַר אַן אידעאַל. אָן עקשנות און סבלנות איז נישט מעגלעך קיין דויערנדיקע געטריישאַפט און איבערגעגעבנקייט, איז נישט מעגלעך קיין אויסגעהאַלטנקייט, איז נישט מעגלעך צו דער־גרייכן דאָס, צו וואָס מען שטרעבט. אויך אין עקשנות איז משה אַדאַנער ע"ה געווען אַ געטריי און איבערגעגעבן קינד פון זיין פאָלק. און נאָך אַ מידה, די שענסטע: עוסק זיין בתּורה יום ולילה. שיר ווי אַ פּרוש, האָט ער זיך אָפּגעזאָגט כּמעט פון אַלע תּענוגי־עולם־הזה און יעדע פרייע מינוט אָפּגעגעבן דעם געדרוקטן יידישן וואָרט.

גערעדט און געלייענט האָט משה אַדאַנער ע"ה נאָר יידיש. אויך דערין איז ער געווען איינגעשפּאַרט, און ווי איינער פון דער פאָלקס־מאַסע זיך געהאַלטן דערביי: אַז יידיש געהערט צו די יסודות פון יידיש־קייט. ער האָט פון זיין שווער אויסגעאַרבעט געלט אויסגעגעבן אויף ביכער מער ווי ער האָט געקענט. אַלץ וואָס איז געדרוקט געוואָרן אין יידיש איבער דער גאַנצער וועלט האָט ער געקויפט. אַז ער איז געוואָר געוואָרן פון עפּעס אַ געדרוקטער זאַך אין יידיש וואָס ער האָט נישט, האָט ער נישט גערוט ביז ער האָט עס באַקומען. די שווערסטע אָנ־שטרענגונג דערביי איז פאַר אים קיין מניעה נישט געווען; קיין פּרייז נישט צו פיל. ס'זענען געווען צייטן, ווען דאָס וואָס ער האָט פאַרדינט איז געווען קוים גענוג, צי אַפילו נישט גאַנץ גענוג אויף דאָס נייטיקסטע פאַר דער פאַמיליע. דערצו האָט איין קינד שטענדיק געקרענקט. משה אַדאַנער אָבער איז יעדע סוף וואָך אַוועק מיט די גאַנצע שכירות צו־ערשט אין דער בוכהאַנדלונג וואו ס'איז פאַר אים, דעם שטענדיקן און אַנגעזעענסטן קונה, געווען רעזערווירט אַלץ וואָס איז אין לויף פון דער וואָך דערשינען אין יידיש און אָנגעקומען פון אומעטום אין דער וועלט, וואו יידיש ווערט געדרוקט. פאַר זיין פרוי -- איר צו לענגערע יאָר, אַן אינטעליגענטער פאָלקסמענטש, איינע פון די אויפגעקלערטע נשים צדקניות — איז איר מאַנס קויפן ביכער פאַרן אָפּגעשפּאָרטן ביסן פון מויל געווען פונקט אַזוי רעכט, ווי פאַר די אַמאָליקע נשים צדקניות, וועמעס מענער האָבן פון אָפּגעשפּאָרטן ביסן געשיקט דעם רבין וועכנט־

לעך אַ פּדיון, געגעבן צדקה, געצאָלט שכר־לימוד וכדומה. טייל פון יענע פרויען האָבן זייערע מענער געהאָלפן פאַרדינען אויף פּרנסה, אָדער אַליין געאַרבעט שווער און ביטער, כּדי זייערע מענער זאָלן קאָנען עוסק זיין בתּורה אומגעשטערט. אויך אַנקע, משה אָדאָנערס פרוי, האָט שטענדיק, ווען זי האָט נאָר געקאָנט, און ס'איז געווען וואָס צו טאָן, דורך אַרבעט געהאָלפן איר מאַן ע"ה [illegible]

[illegible] ער האָט דאַן אָפּ־געשפּאָרט דאָס לעצטע פון זיך, ווי קויפן אַ מלבוש, שיך, וכדומה, וואָס ער האָט שוין זייער נייטיק געמוזט האָבן, ער האָט מצמצם געווען זיין גרעסטן פאַרגעניגן פון די גאָר גאָר ווייניקע וואָס ער האָט פאַר זיך איבערגעלאָזט, זיך טייל מאָל אַריינצוכאַפּן אין דער קאַפּעטעריע, אין וועלכער ס'קומען שרייבער און פאַרברענגען עטלעכע שעה אין זייער מסיבה, וואָס איז פאַר אים געווען אַן עונג רוחני. ווי אַמאָל ביי פרומע יידן צו זיין אין דער מסיבה פון לומדים; אויך אין רויכערן די ליולקע, איינע פון די ווינציקע ליידנשאַפטן, וועלכע ער האָט נישט געקאָנט גובר זיין, האָט ער מצמצם געווען.

די גרויסע ליידנשאַפט זיינע אָבער, אין וועלכער ער האָט סובלי־מירט שיר אַלע ליידנשאַפטן, די ליידנשאַפט צו קויפן און לייענען אַלץ וואָס איז אין יידיש געדרוקט געוואָרן — די דאָזיקע ליידנשאַפט האָט ער ניט געוואָלט און ניט געקאָנט מצמצם זיין.

אין לייענען און קויפן אַלץ וואָס איז אין יידיש געדרוקט געוואָרן, האָט משה אָדאָנער, ע"ה, נישט געוואוסט און נישט געוואָלט וויסן פון פּאַרטיי גרענעצן, אָדער פון וועלכע ס'איז טאַבוס. ער האָט געקויפט אַלץ וואָס איז אין יידיש געדרוקט געוואָרן אין רוסלאַנד און אין די אַנדערע קאָמוניסטישע לענדער, און אַלץ וואָס איז אין יידיש געדרוקט געוואָרן פריער אין פּאַלעסטינע און דערנאָך אין ישראל, און אַלץ וואָס די ציוניסטן האָבן אומעטום אין דער וועלט געדרוקט אין יידיש, כאָטש ווי אַן אויס־געהאַלטענער „בונדיסט" זענען די דאָזיקע צוויי פּאַרטייען פאַר אים געווען דאָס זעלבע, ווי פאַר אַ פרומען ייד גויאישקייט. פּונקט אַזוי האָט ער געקויפט אַלץ וואָס איז פון דער יידיש רעליגיעזער ליטעראַטור איבערגעזעצט געוואָרן אין יידיש און אויך פון דער נישט־יידישער, ווי „דאָס נייע טעסטאַמענט", כאָטש רעליגיע איז פאַר אים געווען, מילד גערעדט, פינצטערער אָבערגלויבן. יידיש איז פאַר אים געווען ווי לשון קודש פאַרן פרומען, און אַ בוך אין יידיש ווי אַ הייליקער

ספר. זיין באַציאונג צום יידישן שרייבער אין יידיש איז געווען ליב־שאַפט און יראת הכבוד, ווי פון אַ חסיד צום רבין.

משה אַדאַנער ע"ה האָט איבערגעלאָזט אַ ביבליאָטעק, אין וועל־כער ס'געפינען זיך ביכער, בראָשורן און זשורנאַלן, וואָס זענען נישט בנמצא אין קיין שום אַנדערער יידישער ביבליאָטעק, נישט אין פּרי־וואַטע און נישט אין אַ סך עפנטלעכע.

ס'איז אַוועק איינער פון די ווייניק אין אַמעריקע נאָך פאַראַנענע יידן פון דער אַמאָליקער אַלטער היים אונדזערער, אַ זעלטענער טיפּ פון דער יידישער מאַסע אין פּוילן. די אבידה איז אַ גרויסע. דער פאָלקס־מענטש משה אַדאַנער ע"ה האָט געהאָלפן מיט אַלץ, וואָס ער האָט נאָר געקאָנט, אויפהאַלטן דאָס קליינע רעשטל יידישקייט פון אַמאָל דאָ אין אַמעריקע. אַפילו בלויז מיט זיין עצם עקזיסטירן האָט ער עס געטאָן. לויט דער לעגענדע האַלט זיך די וועלט אויפן זכות פון ל"ו צדיקים. וואָלט די יידישע ליטעראַטור געהאַט כאָטש צוויי טויזנט אַזעלכע לייענער און קויפער ווי ס'איז געווען משה אַדאַנער ע"ה, וואָלט זי זיך נישט געפונען אין אַזאַ מסכנדיקער לאַגע, אין וועלכער זי גע־פינט זיך.

כבוד דעם נפטר!

מאַטוויי

# משה אָדאָנער

זיין נאָמען איז נישט געווען ברייט באַקאַנט אין דער עפנטלעכקייט. ער איז געווען אַ שטילער, ממש אַ באַהאַלטענער לאַמעד-וואָווניק און טרייער דינער פון דער יידישער קולטור. עס האָבן זיין נאָמען נישט געהערט קיין ברייטע מאַסן, אָבער נישט איין יידישע קולטור-אינסטיטוציע האָט צו פאַרדאַנקען משה אָדאָנערן די אוצרות וואָס זי פאַרמאָגט.

די פאָליצעס פון דער ביבליאָטעק פון אַרגענטינער ייוואָ וואָלטן געקענט דערציילן וויפל שווייס און מי משה אָדאָנער האָט אין זיי אַריינגעלייגט.

משה אָדאָנער — אַ קינד פון אַ פּראָלעטאַריש-יידישער שטוב (דער פאָטער אַ גאַרבער) — איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1888 אין וואַרשע. ער ווערט אַריינגעצויגן אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, ער איז פון די אַקטיווע בונדיסטן אין „פינפטן" יאָר. נאָכן דורכפאַל פון דער רעוואָלוציע גייט משה אָדאָנער אַוועק מיטן עמיגראַציע-שטראָם פריער קיין פּאַריז און שפּעטער קיין ניו-יאָרק.

זיין „שוואַכקייט" איז געווען דאָס יידישע בוך. ער האָט געהאַט די גרעסטע, יעדנפאַלס אינטערעסאַנטסטע יידישע פּריוואַט-ביבליאָטעק אין גרויסן ניו-יאָרק. פון די ערשטע אומלעגאַלע בונדישע אויסגאַבעס ביז די נייסטע דערשיינונגען אין יידיש אויף גאָר דער וועלט. זיין ליבע צום בוך האָט ער נישט נאָר פאַר זיך „עקספּלואַטירט"; ער ווערט דער ליפעראַנט פאַר צענדליקער ביבליאָטעקן אין דער וועלט. נאָך שווערע טעג פון האַרעוואַניע לויפט ער איבער פאַרשיידענע הייזער, קלויבט ביכער און שיקט עס אין גאָר דער וועלט. די יידישע ביבליאָטעקן אין דער וועלט — ייוואָ אין אַרגענטינע, מעדעם-ביבליאָטעק אין פּאַריז, קורסקי-ביבליאָטעק אין ישראל, די ביבליאָטעקן בשעתּם אין די לאַגערן — זיי אַלע האָט דער טייערער אָדאָנער געהאַט אין זינען.

ווען עס האָט זיך געשאַפן דער קורסקי־אַרכיוו פון „בונד“ ווערט אָדאָנער איינער פון זיינע וויכטיקסטע זאַמלער. ער באַרייכערט דעם אַר־כיוו מיט אַן אַ שיעור ווערטיקן מאַטעריאַל.

עס פלעגט מיר אויסקומען פון אָדאָנערן אָפט הערן, און יעדעס ברייוול זיינס איז געווען אמתע קדושה. נישט נאָר האָט ער געזאַמלט און געשיקט ביכער, ער האָט געוואוסט וואָס צו זאַמלען — געווען איינער פון די בעסטע קענער פון דער יידישער ליטעראַטור. ער איז געווען דער אַדרעס פון אַן אַ שיעור יידישע שרייבער, וואָס האָבן געזוכט (אין פאַרשיידענע לענדער) אַ בוך, אָדער אַ זשורנאַל און אין ערגעץ נישט געקענט געפינען.

ביז די לעצטע יאָרן געווען אַ האָרעפּאַשניק; ביז דעם לעצטן אָטעם געבליבן געטריי דעם „בונד“.

עס איז אַוועק איינער פון די מערקווירדיקסטע בונדישע לאַמעד־וואָווניקעס.

יודל מאַרק

# דער וואונדערלעכער יידישער לייענער

משה אַדאַנער ע"ה איז געווען אַן אויסטערלישע געשטאַלט, אַ זעל־טענער מענטש. ער האָט פאַרמאָגט אין זיך מידות טובות פון אַ למד־וואָווניק און ער איז געווען דורכגענומען, דורכגעדרונגען פון אַ טיפער ליידנשאַפט וואָס האָט אים ממש באַהערשט. זיין תאווה איז געווען דאָס יידישע בוך.

ער איז געווען אַ סופער־וועלטלעכער. אים וואָלט אפשר ניט גע־פעלן געוואָרן — אָבער מע מוז עס זאָגן: ער האָט געטראָגן אין זיך און אין זיין ליידנשאַפט אַ סך, זייער אַ סך פון אונדזער אַלטער טראַ־דיציע, פון דעם שענסטן און דערהויבנסטן אין אַט דער טראַדיציע. די דורותדיקע דרך־ארצדיקע באַציאונג צום ספר, צום לערנען, איז ביי אים מגולגל געוואָרן אין דרך־ארץ, אין יראת־הכבוד צום יידישן, דעם מאָדערנעם און וועלטלעכן יידישן בוך. אַזוי ווי זיידעס האָבן זיך באַצויגן אי צום לערנען אי צום תהילים־זאָגן, אַזוי ווי באָבעס האָבן געגנאָסן דעם „צאינה־וראינה" און זייער מוסר־ספר אויף עברי־טייטש, — אַזוי איז געווען משה אַדאַנערס נשמהדיקע שייכות צום יידישן בוך. אַזוינס איז מסתמא זייער שווער צו געפינען ביי ניט־יידן. דאָס בוך איז ניט געווען סתם אַ לייען־מאַטעריאַל, אַ מיטל צו פאַרוויילן זיך, צו פאַר־ברענגען די צייט אָדער זיך צו בילדן. דאָס יידישע בוך איז ביי משה אַדאַנערן געווען עפּעס אַזוינס, וואָס האָט אַ שייכות צו קדושה.

משה אַדאַנער האָט אַוועקגעגעבן זיינע טעג און יאָרן צו דינען דעם יידישן בוך. ער האָט געלייענט שלא על מנת לקבל פּרס. ער האָט ניט געקויפט אויף זיינע לעצטע גראָשנס טייערע ביכער, כּדי זיך צו גרייסן מיט זיי. ער האָט ניט געלייענט, כּדי צו האָבן שטאָף פאַר עפּעס אַ זייטיקן ענין, אָדער כּדי זיך צו באַרימען מיט זיין באַלייענטקייט. דאָס

לייענען איז געווען זיין תאווה און זיין תענוג, און דער שכר פאַרן לייענען האָט ביי אים געשטעקט אין דעם לייענען גופא.

דאָס איז געווען אַ לייענער, וואָס דאָס לייענען איז ביי אים אַ מין הייליקע שיפּרות. קיין צווייטן צו אים איז מיר ניט אויסגעקומען צו באַגעגענען אין דער אַלטער היים און אוודאי ניט דאָ ביי אונדז. עס איז געווען, קען מען זאָגן, אַ זכיה פאַר דער יידישער ליטעראַטור צו האָבן, צו קענען האָבן אַזאַ פאַרפּישופּטן לייענער. ער האָט אפילו געמעגט האָבן טענות צו דעם אָדער יענעם שרייבער, אָבער צום בוך פון דעם שרייבער האָט ער קיין טענות און קיין איינווענדונגען ניט געהאַט. ס׳איז דאָך אַ יידיש בוך!

און ניט געקוקט אויף דער פאַרליבטקייט אין דעם יידישן בוך, איז משה אָדאָנער געווען אַ באַטראַכטער און אַ באַוואוסטזיניקער לייענער, וואָס זיין געשמאַק האָט זיך אויסגעאַרבעט במשך פון לאַנגע יאָרן נאָכקומען זיין ליידנשאַפט. איך בין אָפט פאַרוואונדערט געוואָרן פון זיינע טיפזיניקע באַמערקונגען און אָפּשאַצונגען, אויסגעדריקט אין עטלעכע ווערטער. דאָך איז ער גלייכצייטיק געווען הן אַ קריטיקער, הן אַן אומקריטישער לייענער. זיין געשמאַק און דער גלגול פון אַ קינסטלער, וואָס איז ניט געקומען צום אויסדרוק, האָבן געוועקט די קריטישע באַציאונג; זיין פאַרליבטקייט און זיין תאווה האָבן אָפט זי איבערגעשריען. האָט ער געקאָנט נתפעל ווערן אויך פון צווייטראַנגיקע און אַפילו דריטראַנגיקע ליטעראַרישע ווערק, אויב זיי קומען פון דער ווײַט, אויב ער האָט אָקערשט איצט אַריינבאַקומען דאָס בוך, וואָס עס איז געווען שווער צו קריגן.

געלייענט האָט משה אָדאָנער אַלץ, הן שיינע ליטעראַטור, הן וויסנשאַפטלעכע. אָבער צו דער שיינער ליטעראַטור איז ביי אים געווען אַ באַציאונג אַ מער געהויבענע, אַ מער יום-טובדיקע. דאָ האָט ער געקאָנט מער אַרויסווייזן זיין חסידישע נשמה. וואָרעם אין תוך איז ער געווען אַ הייסער, אַ פלאַמיקער הסיד. זיין רבי איז געווען אַ קאָלעקטיווער — דער יידישער שרייבער.

די ציטערדיקע ליבשאַפט צום יידישן בוך האָט אים געטריבן צו ווערן אויך אַ זאַמלער פון ביכער, פון דעם געדרוקטן וואָרט. האָט ער אַזוי פיל אויפגעטאָן פאַר דעם ייוואָ אין זיין ווילנער תקופה, און לעצטנס פאַר דעם אַרגענטינער אָפּטייל פון ייוואָ, פאַרן אַרכיוו פון בונד. אַרכיוו, ביבליאָטעק — דאָס איז ביי משה אָדאָנערן געווען אין דער בחינה פון מקום-קודש. זיין אייגענע ביבליאָטעק איז ביי אים געווען אַזאַ מין שטאָלץ, ווי אַ טאַטע שטאָלצירט אינעווייניק אין הארצן מיט אַ געראָטן קינד.

די יידישע ליטעראַטור אין דער תּקופה פון אונדזערע מאָדערנע קלאַסיקערס, אין דעם זכות פון דעם דריי־געשטערן מענדעלע־שלום־עליכם־פּרץ, איז געוואָרן מער ווי סתּם אַ ליטעראַטור — ס׳איז געוואָרן אַ ווארעמע משפּחה, אַ טיפער איניקסטער צונויפבונד צווישן שרייבער און לייענער. ליידער איז אין די לעצטע יאָרצענדלינגער אָפּגעשוואַכט געוואָרן אָט די משפּחהדיקייט. משה אַדאַנער האָט אָבער מיטן גאַנצן לייב און לעבן געהערט צו דער פאַרקניפּטקייט און צונויפגעוואַקסנקייט צווישן שרייבער און לייענער. יעדער ווערק, מעג עס זיין אַפילו פון אַן אַנהייבער, איז געווען זיינער אַן אינטימער ענין. ער האָט זיך מיט־געפרייט מיט יעטוועדן דערגרייך פון דער גאַנצער יידישער ליטעראַ־טור אומעטום איבער דער וועלט. ס׳איז געווען אַזוי ווי זיין אייגענער שטאָלץ און אייגענער נחת.

איז משה אַדאַנער געווען באמת דער וואונדערלעכער לייענער. מע קען ניט, מע טאָר ניט פאַרגעסן אַזאַ אויסטערלישע דערשיינונג.

נ. ב. מינקאָוו

# דער אומפּאַרטייאישער ליבהאָבער פון יידישן בוך

**(אויפן פרישן קבר)**

זייער אינטערעסאַנטע בלעטער וועט מען אַמאָל אָנשרייבן וועגן גאַנצע שיכטן מענטשן, וואָס האָבן אויף פאַרשיידענע אופנים אַקטיוו געהאָלפן בויען די יידישע קולטור. דאָס וועט זיין אַ זייער שיין קאַפּיטל וועגן מענטשן, וואָס האָבן ממש געלעבט מיט אונדזער קולטור, און זיינען געווען פאַרנומען מיט איר טאָג און נאַכט. זיי האָבן געהאַט העכערע אינטערעסן און זיי האָט געצויגן צו די אידייען, וואָס אונדזער גייסטיק לעבן האָט געשאַפן. צווישן זיי זיינען פאַראַן אויפריכטיקע מעצענאַטן, גרויסע ליבהאָבער פון מחשבה און בוך, איבערגעגעבענע היטער פון אונדזערע אוצרות. טייל זיינען געווען די אינטימסטע און די איבער־געגעבנסטע פריינד פון אונדזער ליטעראַטור. איינער פון די איידלסטע צווישן זיי איז געווען משה אַדאַנער.

מיט העכער פערציק יאָר צוריק האָט ער זיך באַוויזן אין ניו־יאָרק. געקומען איז ער אַהער אין 1916 פון פּאַריז. און אונדז איז ער געווען באַקאַנט אונטערן נאָמען משהלע פּאַריזער. אין 1916 איז די אַמע־ריקאַנער יידישע ליטעראַטור געווען רייף און רייך מיט דער ליטע־ראַטור פון אירע פּיאָנערן. 1916 איז אויך געווען די שענסטע צייט אין דער אַנטוויקלונג פון די „יונגע". סימנים פון די שפּעטערדיקע „אינ־זיכיסטן" האָבן זיך שוין באַוויזן, וואָס האָבן שוין געהאַלטן אין אָנקומען. די „יונגע" האָבן געהאַט פאַרערער, וואָס מען זעט זעלטן ווען. אויך די סאָציאַלע פּאָעטן — די „אַלטע" — האָבן געהאַט מאַסן באַגייסטערטע פּאַטריאָטן. זיי האָבן, אָבער, געשטעלט דעם טראָפּ אויף סאָציאַלע און נאַציאָנאַלע אידייען. די פאַרערער פון „די יונגע" האָבן זיך געהאַלטן

פאַר „עסטעטן". ליטעראַטור לשם ליטעראַטור האָט זיי אינטערעסירט. די פאַרערער פון די „אינזיכיסטן" האָבן זיך געהאַלטן פאַר מער קאָמפּליצירטע מענטשן, פאַר ווייט־גייענדיקע מאָדערניסטן.

משה אַדאַנער האָט ניט פאַרערט בלויז איין גרופּע. ער האָט פאַרערט אַלע גרופּירונגען, אַלע שאַטירונגען. יעדע זאַך, וואָס איז געווען ווערטפול אין דער יידישער ליטעראַטור, האָט פאַרכאַפּט זיין האַרץ און נשמה.

משה אַדאַנער האָט אויך געלעבט אין זיין אייגענעם זכות. דאָס בוך איז ביי אים געווען אַ הייליקע זאַך. אַן גוזמא — ניט געווען אַ מענטש, וואָס זאָל זיין אַזוי פאַרליבט אין ביכער ווי עס איז געווען משה אַדאַנער. עס איז ניט געווען קיין בוך, וואָס אַדאַנער זאָל עס ניט קריגן, ווי נאָר דאָס בוך איז דערשינען. פאָרשער, געלערנטע און פאַראינטערעסירטע — פון פאַרשיידענע לענדער — האָבן געמוזט אָנקומען צו משה אַדאַנער כּדי זיך צו קענען באַנוצן מיט זעלטענע עקזעמפּלאַרן. אַדאַנער האָט פאַרמאָגט די גרעסטע ביבליאָטעק פון דער יידישער ליטעראַטור. און איין גאָט ווייס, אַז זיין מעגלעכקייט צו קויפן ביכער איז געווען זייער אַ באַגרענעצטע. אָבער ביכער זיינען געווען ביי אים אַ הייליקע ליידנשאַפט.

משה אַדאַנער איז געבוירן געוואָרן אין וואַרשע, אין 1888. אין 1905 איז ער שוין געווען אַ מיטגליד פון „בונד" און פאַרזוכט די ביטערקייט פון זיין אַרעסטירט. פון 1909 ביז 1916 האָט ער געלעבט אין פּאַריז. אין פּאַריז איז ער געווען זייער אַקטיוו אין יידישע קולטור־קרייזן. אין פּאַריז האָט ער געהאָלפן רייזענען, ווען דער גרויסער דיכטער האָט דאָרטן אַרויסגעגעבן דאָס וואָכנבלאַט „דער נייער זשורנאַל". אין די לעצטע יאָרן האָט אַדאַנער זייער אַ סך געזאַמלט פאַרן ייוואָ אין ניו־יאָרק, פאַרן ייוואָ אין אַרגענטינע און פאַר דעם פראַנץ קורסקי־אַרכיוו אין ניו־יאָרק.

אַ געטרייער, אַן אומדערמידלעך־געטרייער מיטגייער און מיטבויער פון דער יידישער קולטור איז געווען דער שטילער, סימפּאַטישער און איידעלער אַדאַנער.

כּבוד זיין אָנדענק!

ה. קעמפינסקי

# אָדאָנער דער בונדיסט

דעם 29סטן יולי איז נאָך אַ לענגערער קראַנקהייט געשטאָרבן איינער פון די טרייסטע און איבערגעגעבנסטע פריינד פון דער יידישער שפּראַך און וועלטלעכער יידישער קולטור, דער בונדיסט משה אָדאָנער, וועלכער איז אויך געווען באַקאַנט מיט זיין צונאָמען **משהלע פּאַריזער.**

משה אָדאָנער איז געבוירן געוואָרן אין וואַרשע אין יאָר 1888 אין דער משפּחה פון אַ גאַרבער. שוין פון די פריסטע יאָרן האָט ער אַרויסגעוויזן פאַראינטערעסירונג מיט פּאָליטישע און קולטור־פּראָבלע־מען. די רוסלענדער רעוואָלוציע פון 1905 האָט אים אַריינגעצויגן אין די רייען פון „בונד". ער איז געווען אַקטיוו אויף דער „בירזשע" און אין די קרייזלעך, און אין 1907 איז ער אַ קורצע צייט געווען אויך אַרעסטירט.

אין 1909 האָט משה אָדאָנער פאַרלאָזט וואַרשע און איז אַריבער־געפאָרן קיין פּאַריז, וואו ער איז יאָרן לאַנג געווען איינער פון די אַק־טיווסטע אין די יידישע קולטור־קרייזן. ווען אַברהם רייזען האָט אָנגע־הויבן אַרויסצוגעבן אין פּאַריז (פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה) זיין וואָכנבלאַט „דער נייער זשורנאַל", איז משה אָדאָנער געווען איינער פון זיינע אַרויסהעלפער ביי דער דאָזיקער אַרבעט.

אין יאָר 1916 קומט אָדאָנער קיין אַמעריקע. ער ווערט דאָ אַקטיוו אין אַ ריי קולטור־אָרגאַניזאַציעס, הייבט אָן זיך איינצושאַפן יידישע ביכער, פון וועלכע עס איז שפּעטער אויסגעוואַקסן איינע פון די גרעסטע פּריוואַטע יידישע ביבליאָטעקן אין די פאַראייניקטע שטאַטן. נישט קענענדיק זיך דערוואַרטן, ביז מען וועט אים צושיקן דאָס נייסטע יידישע בוך אָדער דעם נייסטן זשורנאַל, פלעגט ער באַצייטנס לויפן אין די יידישע בוכהאַנדלונגען זיך דאָס איינצושאַפן, אָפּזאָגנדיק זיך אָפט פון סאַמע נייטיקסטן פאַר זיך און פאַר זיין משפּחה.

משה אַדאַנער איז געווען אַן אינסטיטוציע פאַר זיך. פון פאַר־שיידענע לענדער פלעגן זיך צו אים ווענדן יידישע שרייבער און פאָרשער, ביבליאָטעקן און אַנדערע אינסטיטוציעס נאָך אַ זעלטענעם יידישן זשורנאַל אָדער אַ זעלטן יידיש ביכל, און אַדאַנער האָט נישט גערוט, ביז ער האָט עס אויסגעזוכט און אָפּגעשיקט. ווען דער יידישער וויסנ־שאַפטלעכער אינסטיטוט אין ווילנע האָט אָנגעהויבן זאַמלען מאַטעריאַלן אין אַמעריקע, איז משה אַדאַנער געוואָרן איינער פון זיינע סאַמע אי־בערגעגעבנסטע זאַמלער. ער האָט נישט געזשאַלעוועט קיין צייט און קיין מי און נאָך אַ שווערן טאָג האָרעוואַניע פלעגט ער לויפן פון הויז צו הויז, פון גאַס צו גאַס, שלעפּן פּעק מיט מאַטעריאַלן, איינפּאַקן זיי אין קאַסטנס און באַזאָרגן זיי פאַרן יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט. ער האָט געהאַט אַ באַפרידיקונג פון דעם, וואָס יידישע פאָרשער, שריי־בער און קולטור־טוער וועלן קענען אויסנוצן די דאָזיקע קולטור־אוצרות.

משה אַדאַנער האָט ביז 1940 אין אַמעריקע זיך נישט באַטייליקט אין פּאָליטישן לעבן. ערשט מיטן אָנקומען פון די ערשטע בונדיסטן פון פּוילן, וועקט זיך אין אים אויף זיין אַמאָליקע ליבע צום „בונד", וואָס ער האָט מיטגענומען פון דער וואַרשעווער „בירזשע". ער דערנעענטערט זיך וואָס אַמאָל מער צו די ניו־יאָרקער בונדיסטן און לסוף ווערט ער אַ מיטגליד פון דער בונדישער אָרגאַניזאַציע אין ניו־יאָרק. ער בלייבט געטריי דעם „בונד" ביז די לעצטע מינוטן פון זיין לעבן. מער ווי איין מאָל איז אים אויסגעקומען צו פאַרטיידיקן דעם „בונד" קעגן זיינע קעגנער. זיין ערלעכקייט און שטאָלצער כאַראַקטער האָבן אים נישט דערלויבט צו פאַרשווייגן די פאַרשיידענע העצעס, וואָס מען האָט גע־פירט קעגן „בונד". פּראַוועט די לעצטע יאָרן פירן קעגן „בונד".

ווען עס האָט זיך געשאַפן אין ישראל די בונדישע ביבליאָטעק א. נ. פראַנץ קורסקי, ווערט משה אַדאַנער איינער פון אירע טרייסטע זאַמלער. ער האָט איר איבערגעגעבן אַלע דובליקאַטן, וואָס ער האָט פאַרמאָגט, און אויך מיטגעהאָלפן צו זאַמלען ביכער ביי אַנדערע, נישט זשאַלעוועניק זיינע כוחות און געלט. דאָס זעלבע האָט אַדאַנער אויך געטאָן פאַר יידישע ביבליאָטעקן אין שוועדן און אין דייטשע לאַגערן.

ער איז אויך געווען איינער פון די איבערגעגעבנסטע פריינד פון דעם בונד־אַרכיוו פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג א. נ. פון פראַנץ קורסקי אין ניו־יאָרק. ער האָט דעם אַרכיוו באַרייכערט מיט ווערטפולע ביכער און צייטשריפטן נישט נאָר פון זיין ביבליאָטעק, נאָר אויך גע־זאַמלט מאַטעריאַלן ביי אַנדערע. אַפילו אין די לעצטע וואָכן פון זיין לעבן, אַ קראַנקער שוין, פלעגט ער טאָן די דאָזיקע אַרבעט, ווייל — ווי ער פלעגט זאָגן: „איך זע דאָ ביי די בונדיסטן אַ גרויסן אידעאַליזם,

און דאָרטן, וואו עס איז פאַראַן אידעאַליזם, איז מיר נישט צו שווער מיין אַרבעט און מיין מי״.

עס איז אַוועק פון אונדז אַ שטילער, איידעלער און איבערגעגעבענער מענטש — אַ קעמפער פאַר דער יידישער שפּראַך און יידישער קולטור, אַ גוטער סאָציאַליסט, וואָס וועט לאַנג בלייבן אין זכרון פון זיינע נאָענטע.

כּבוד זיין אָנדענק!

לייזער ראַן

# אָדאָנער דער זאַמלער

אויסגעגאַנגען משה אָדאָנער. דער קענסער, וואָס פרעסט אויף און פאַרצערט אונדזער שעפערישע יידישקייט, וואָס ער האָט ליב גע־האַט מיט אַלע רמ״ח אברים פון זיין גוף, האָט מיטן צער און טרויער אריינגערונען און אריינגעדרונגען אין זיין שוואַכן גוף. וואָלט געווען דער יידישער ישוב אין ווילנע, וואָלט משה אָדאָנער געהאַט אַ שלושים־אַקאַדעמיע אין דער שטאָט, וואו ער איז אין זיין לעבן קיינמאָל נישט געווען, אָבער זיין ליבע און זיין לעבן איז מיט זיין נאָמען דערגאַנגען. אַפילו אין וויטן בוענאָס־איירעס, ווערט מען זיין נאָמען דערמאָנען מיט אַן אַן ערך וויניקער גלייכגילטיקייט ווי אין „ניו־יאָרק", וואו משה האָט אַ לעבן לאַנג געלעבט זיין שטיל לעבן פון אַ פאַרליבטן אין יידישן וואָרט און יידישן בוך.

ווער איז דאָס געווען דער משה אָדאָנער, אָדער משהלע פאַריזער — ווי ער האָט געהייסן ביי גוטע ברידער פון זיין טאָפּעציר־פאַך? — ער איז נישט געווען קיין דיכטער, קיין שרייבער, קיין ווויסנשאַפטלער און קיין זשורנאַליסט. דעם אמת געזאָגט, ווייס איך נישט, אויב ער האָט אין זיין לעבן אַפילו איין אַרטיקל אָפּגעדרוקט אויף וועלכער ס׳איז טעמע. אָדאָנער האָט ד. גל. נישט געאַרבעט אויף קיין שום געזעל־שאַפטלעכן פאָסטן. מפרנס געווען האָט ער זיך כל ימיו פון זיין אַרבעט און קיינמאָל נישט געלעבט פון דער יידישער קולטור. דערפאַר אָבער האָט ער שטענדיק, — וואָס ער האָט נישט געטאָן און וואו ער זאָל זיך נישט האָבן געפונען, — געלעבט מיט און פאַר דער יידישער קולטור.

דערצויגן אויף די אידעאַלן פון יידישן אַרבעטער־בונד אין פוילן, האָט ער אין זיין יוגנט איינגעזויגן אַ ליבע צו דער יידישער קולטור, וואָס האָט אים, דעם יידישן האַרעפּאַשניק, אַ לעבן לאַנג געלויכטן און באַלויכטן זיין וואָך און זיין יום־טוב און די גרויע וואָך גופא אין שטענ־

דיקן יום־טוב פֿאַרוואַנדלט. צווישן די צענדליקער ביכער־שאַפֿעס מיט די אָפּגעקליבענע זאַמלונגען פֿון אַלדאָס בעסטע, וואָס עס איז דערשינען אויף דער יידישער שפּראַך ערגעץ אויף אונדזער כדור הארץ: פּאָעזיע און פּראָזע, מוזיק און מאָלעריי, סאָציאָלאָגיע און שפּראַך־פֿאָרשונג א.ד.גל., א.אַ.וו., א.אַ.וו., איז משהן געווען פֿריילעך אין די אומעטיקע מינוטן און היימיש־וואַרעם אין דער קעלטסטער צייט אונדזערער.

משה אָדאָנער איז נישט דער ערשטער און אויך נישט דער איינציקער יידישער ביכער־זאַמלער און ליבהאָבער אויפֿן אַמעריקאַנער קאָנטינענט. ער איז אָבער פֿון די זעלטנסטע עקזעמפּלאַרן פֿון יידישע (און נישט נאָר יידישע) ביבליאָפֿילן, וואָס האָט מיט די אָרעמסטע געלט־מיטלען, אָבער געכּפֿלט אויף גרענעצלאָזער ליבע, באַוויזן אויפֿצוזאַמלען אַ גרויסן יידישן ביכער־אוצר, וואָס קען זיך פֿאַרמעסטן אויף פֿאַרשיידענע געביטן מיט די בעסטע און גרעסטע געזעלשאַפֿטלעכע יידישע ביבליאָטעקן און ביכער־זאַמלונגען אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן. און וואָס נאָך וויכטיקער: זיין ליבע האָט משה נישט באַגרענעצט צו די פּאָליצעס מיט ביכער, נאָר דער ביכער־אוצר איז ביי אים געווען אין דער בחינה פֿון גאָלדענעם שליסעלע צו דער גרויסער און רייכער יידישער קולטור־שעפֿערישקייט, וועלכע איז געווען דער צענטער פֿון זיין ליבע און אינטערעס. משה האָט געשיינט פֿון נחת, ווען ער האָט געקאָנט משמש זיין אַ יידישן פֿאָרשער, אַ שרייבער, מיט אַ וויניק באַקאַנט יידיש בוך אָדער זשורנאַל, וואָס יענער האָט אין ערגעץ נישט געקאָנט באַקומען. און ווער נאָר עס האָט זיך ביי די ענינים מתעסק געווען, האָט זיך טאַקע נישט געקאָנט באַגיין אָן משה אָדאָנערס מיט אַזוי פֿיל ליבע און געניטשאַפֿט צוגעקליבענער ביכער־זאַמלונג.

צווישן די טוער און פֿריינד אין ווילנער ייוואָ, האָט דער נאָמען „משה אָדאָנער" געהערט צו די פּאָפּולערסטע אין דער יידישער אַמעריקע. דאָס איז געווען דער נאָמען פֿון גרעסטן יידישן ביכער־מעצענאַט אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן, וועלכער האָט במשך פֿון צוויי צענדליק יאָר — פֿון דער ייוואָ־גרינדונג ביז דער ליקווידאַציע — כּמעט וואָך־וועכנטלעך צוגעשיקט במתּנה פּעק מיט יידישע ביכער פֿון אַמעריקע פֿאַרן ייוואָ אין ווילנע. נישט געווען נאָך איין נאָמען פֿון צווישן די געטרייעסטע ייוואָ־זאַמלער אין דער וועלט, וואָס זאָל זיך האָבן געקאָנט פֿאַרגלייכן און פֿאַרמעסטן מיטן מעצענאַט משה אָדאָנער.

און וואו האָבן זיי נישט אָנגעשפּאַרט, די דורך אים געזאַמלטע ביכער, מיטן באַשיידענעם קיילעכדיקן שטעמפּעלע: „פּריוואַטע ביבליאָטעק משה אָדאָנער, ניו־יאָרק". די נאַציס האָבן זיי פֿאַרשלעפּט קיין דייטשלאַנד און עסטרייך און די סאָוועטן— אַזוי ווייט ווי אין אַזיאַטישן

סאַמאַרקאַנד. הונדערטער ביכער, בראָשורן און פּעריאָדישע אויסגאַבעס האָט מ. אָדאַנער אויסגעפונען אויף בוידעמער און קעלערס, ביי יידישע שרייבער, קולטור־טוער און סתם לייענער, אויסגאַבעס, וואָס מען האָט שוין געהאַלטן פאַר פאַרפאַלן אויף תמיד, האָט אָדאַנער אָפּגעראַטעוועט און צוריקגעקערט צום יידישן פאָלקס־אוצר פאַר פאָרשונג און זכר. ווען דער ייוואָ האָט אויפגעשלאָגן זיין באַנייטן לעבנס־אָדרעס אין ניו־יאָרק, איז מ. אָדאַנער געווען פון צווישן זיינע ערשטע און געטרייסטע זאַמלער און בויער. ווען דער ייוואָ האָט גענומען אַריבערזיעגלען פון אַרימען יידיש־וועלטל צום פרעמדן און רייכן דזשואיש־וואָרלד, האָט זיך אָדאַנער מיט ווייטיק און צער אָפּגעקערט פון זיין ליבלינג־אָדרעס. זיין זאַמל־אַרבעט האָט ער אָבער פאָרגעזעצט אויך ווייטער פאַרן ייוואָ־אָדרעס אין בוענאָס־איירעס, פאַרן קורסקי־אַרכיוו פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג אין נ״י און קורסקי־ביבליאָטעק און פאָרשונגס־צענטער אין ישראל.

אויפן טויטן־בעט האָט ער, דער פאַרליבטער אין יידישן בוך, נאָך באַוויזן צו מאַכן אַ קניה — דעם נייעם באַנד פון דער יידישער ענצי־קלאָפּעדיע. דאָס בוך איז שוין אַזוי ביי זיין בעט געבליבן ליגן נישט געעפנט, דער ביכער־אוצר איז געבליבן פאַריתומט און פאַרלאָזן. לאָמיר האָפן, אַז זיין פאַמיליע, די איבערגעבליבענע פרוי און טרייע יידישע קינדער, וועט די גרויסע ביבליאָטעק נישט לאַנג דאַרפן אויפהאַלטן און אויפהיטן. עס איז צו האָפן, אַז די יידישע געזעלשאַפטלעכקייט וועט פאַרזאָרגן באַצייטנס, די גרויסע וויכטיקע אָדאַנער־ביבליאָטעק זאָל אין איר פולער גאַנצקייט איבערגענומען ווערן דורך אַ העכערן־לערן־אַנשטאַלט, אָדער שטאָטישער ביבליאָטעק אין די פאַראייניקטע שטאַטן אָדער אין מדינת ישראל.

# פאַרשיידענע נאָטיצן

## ידיעות פון ייוואָ — דעצעמבער 1957:

### משה אָדאָנער

דעם 29סטן יולי איז אין ניו־יאָרק געשטאָרבן משה אָדאָנער. ער איז אַלט געווען 69 יאָר. מ. אָדאָנער איז געבוירן געוואָרן אין וואַרשע. אין די יונגע יאָרן האָט ער זיך אָנגעשלאָסן אין „בונד". אין 1909 איז ער אַוועק קיין פּאַריז און אין 1916 איז ער געקומען קיין אַמעריקע. פון פאַך איז ער געווען אַ טאַפּעצירער און ער איז געבליבן אַ לוין־אַרבעטער און דערצו אַן אביון ביזן סוף. זיין גאַנץ דערוואַקסן לעבן איז ער געווען אַדורכגענומען מיט אַ הייסער ליבע צום יידישן בוך.פאַרזיינע לעצטע גראָשנס, אָפּשפּאָרנדיק אָפּטמאָל פון די עלעמענטאַרסטע באַדערפעניִשן פאַר זיך און זיין משפחה, האָט ער זיך איינגעקויפט אַלע יידישע ביכער וואָס ס'איז נאָר מעגלעך געווען צו קריגן, און אַזוי האָט ער אויפגעקליבן איינע פון די גרעסטע — פּריוואַטע ביבליאָטעקן פון יידישע ביכער אין אַמעריקע. ניט זעלטן האָט אַ יידישער היסטאָריקער צי אַ שפּראַך־פאָרשער צי אַ פאָלקלאָריסט געמוזט אָנקומען צו אָדאָנערן און אויסבאָרגן ביי אים אַ זעלטן בוך, וואָס איז ערגעץ אַנדערש ניט געווען בנימצא. נאַטירלעך, אַז משה אָדאָנער איז געווען אַ הייסער חסיד פון ייוואָ. ער פלעגט זאַמלען און איבערשיקן גרויסע צאָלן ביכער פאַר דער ווילנער ייוואָ־ביבליאָטעק. ווען דער ייוואָ האָט זיך איבערגעטראָגן קיין ניו־יאָרק האָט אָדאָנער אויך דאָ ממשיך געווען זיין זאַמל־אַרבעט. ער פלעגט אָפּט זיך באַווייזן אין ייוואָ באַלאָדן מיט פּעק און קעסטלעך ביכער פאַר דער ביבליאָטעק. נאָך דער מלחמה האָט ער אָנגעהויבן שיקן ביכער אויך פֿאַר דער ייוואָ־ביבליאָטעק אין בוענאָס־איירעס, פאַר דער פראַנץ־קורסקי ביבליאָטעק אין תּל־אָביב און פאַר אַנדערע יידישע ביבליאָטעקן איבער דער גאָרער וועלט. משה אָדאָנער איז אָבער נישט בלויז געווען אַ ביבליאָפיל, ער איז אויך געווען אַריינגעטאָן אין אַלץ, וואָס ס'איז געשען אין דער יידישער ליטעראַטור און אין דער יידישער קולטור־וועלט.

## יידישע קולטור — אויגוסט־סעפּטעמבער, 1957:

. . . . און נאָך אַ שווערער פאַרלוסט — משה אָדאָנער, וואָס איז באַקאַנט מיטן נאָמען „משהלע פאַריזער". ער איז געווען אַ גוואַלדיקער ליבהאָבער פון יידיש און פונעם יידישן בוך. אַלע יאָרן אַ שווערער אַרבעטער, האָט ער אָפּגעשפּאָרט פון זיינע שווער־פאַרהאָרעוועטע פאַרדינסטן און איינגעקויפט כּמעט אַלץ, וואָס איז דערשינען אין יידיש, און דער עיקר — ער איז געווען אַ פלייסיקער לייענער און ענטוזיאַסט פונעם יידישן בוך. זיין ביכער־ און צייטשריפטן־זאַמלונג באַשטייט פון פֿיל טויזנטער עקזעמפּלאַרן. און ווי האָט ער געדענקט די אַלע ביכער און שרייבער און זשורנאַלן! אַ זעלטענער טיפּ פֿון אַ בקי אין דער יידישער ליטעראַטור: ס'איז קיין צווייטער צו אים נישטאָ. ער איז געווען פון די חסידים פונעם איקוף און פונעם זשורנאַל און פאַרלאַג, און אָט די פאַרערונג פלעגט ער שטענדיק אַריינברענגען און אַרויסברענגען ביי זיינע אָפטע באַזוכן אין איקוף־צענטער.

**אידישער קעמפער — 17טן יאנואר 1958:**

## משה'לע פאַריזער

צום ליטעראַרישן וועלטל געהערט נישט בלויז דער שרייבער — נאָר אויך יענער געטרייער לייענער, וואָס הייבט בכלל אָן צו ווערן אַ זעלטנקייט. דערפאַר איז באמת אַ ווייטיק, וואָס איינער פון די זעלטנסטע לייענער־עקזעמפּלאַרן פון ניו־יאָרק איז לעצטנס פּלוצים געשטאָרבן. משה אָדאַנער — אָדער ווי מ'האָט אים גערופן „משה'לע פאַריזער" — איז בלויז געווען אַ פּשוטער אַרבעטער, חייט פון נגידישאַפט און מעצענאַטישקייט. ער האָט אָבער עטלעכע צענדליק יאָר געלעבט בלויז פאַרן יידישן בוך. ער האָט קיינעם דערמיט קיין טובה נישט געטאָן — נאָר געלייענט פאַר אייגענער הנאה. אַזוי אַרום האָט ער אָנגע־זאַמלט אפשר די גרעסטע פּריוואַט־ביבליאָטעק אויף יידיש. נישט געווען דוכט זיך קיין איין יידיש בוך אָדער אַ ליטעראַרישער זשורנאַל אין דער וועלט פון וועלכער עפּאָכע עס זאָל נאָר נישט זיין — אַז משהלע זאָל דערפון נישט וויסן און עס נישט האָבן אין זיין ביבליאָטעק. ער האָט געקענט אַרומוואַנדערן לאַנגע שעהן, אַמאָל ביז טיף אין דער נאַכט, אַבי צו קריגן ערגעץ אַ ניי־דערשינען בוך אָדער אַ זעלטענעם עקזעמפּלאַר. עטלעכע טעג פאַר זיין טויט האָט אים דער שרייבער פון די שורות געטראָפן מיט אַ ניי בוך, צוליב וועלכן ער איז געקומען פון דער ווייטער בראָנקס, און די אויגן האָבן אים באַגייסטערט געשיינט: איך האָב עס!

טייל מאָל, ווען אַ בוך האָט געקאָסט טייער, האָט ער געקענט גיין אַרבעטן אין אַ זונטיק אָדער סתם אַ רו־טאָג — און דאָס האָט ער אויך געטאָן אין די לעצטע צייטן, ווען ער האָט מער נישט געאַרבעט ביי זיין טאַפּעצירער־פאַך — אַבי צו קענען קויפן דאָס בוך און נישט דאַרפן עס באָרגן ביי אַנדערע. דאָס לייענען יידיש איז ביי אים געווען אַ פּייער־לעכע עבודה און די גרעסטע פרייד זיינע איז געווען צו געפינען זיך אין דער מחיצה פון ביכער. דער פּשוטער פּראָלעטאַריער מיט די פאַרמאַזאָליעטע הענט איז עפּעס געבענטשט געווען מיט אַ דורשט צו גייסטיקע ענינים און במילא האָט ער אויך געלעבט אַ רייך לעבן פון הנאה — מער ווי אַ סך, וואָס האָבן געזאַמלט ריזיקע פאַרמעגנס. נאָר מיט זיין אַוועקגיין האָט דאָס יידישע ניו־יאָרק פאַרלוירן אַ שטיק קאָלאָריט, אַ לעצטן מאָהיקאַנער פון אַ דור, וואָס דאָס יידישע בוך איז געווען זיין יום־טוב און זיין שענסטע פרייד.

**שעק נייעס (בולעטין פון די שלום-עליכם הייזער) — אָקטאָבער 1957:**

## נחום אבלים

מיר דריקן אויס אונדזער מיטגעפיל צו די משפחות פון די פאָלגענדע שכנים: בייל, סידני גאַפּט, משה אָדאָנער, פעטליוק, הערצבערג, וועלכע זענען אַוועקגעריסן געוואָרן פון אונדז אין משך פון דעם זומער. כּבוד זייער אָנדענק. די משפחות זאָלן מער ניט וויסן פון קיין צער. מיר וואָלטן געדאַרפט און געקאָנט שרייבן וועגן יעדן פון די אויבן דער־מאָנטע שכנים, נאָר צוליב באַשרענקטקייט פון פּלאַץ קענען מיר דאָס ניט טאָן. מיר מוזן אָבער מאַכן אַן אויסנאַם מיט משה אָדאָנער ע"ה, ווייל ער האָט זיך געשאַפן אַ נאָמען איבער גאַנץ אַמעריקע, און אַלע תפוצות ישראל, מיט זיין ליבע און איבערגעגעבנקייט צום יידישן בוך. ער האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זאַמלען און איבערשיקן ביכער און דאָקומענטן אין פאַרשיידענע געזעלשאַפטלעכע ביבליאָטעקן און געהאָלפן בויען נייע ביבליאָטעקן אין חרוב געוואָרענע שטעט אין אייראָפּע.

ער האָט געלאָזט אַ ירושה — איינע פון די גרעסטע פּריוואַטע יידישע ביבליאָטעקן.

## אויפסניי — פערטל־יאָר שריפט פאַר ליטעראַטור־ און קולטור־פּראָבלעמען — האַרבסט 1957:

### צוויי יידיש־לייענער געשטאָרבן

מיר לעבן אין אַזאַ צייט, ווען מען דאַרף ציילן די פאַרשטאָרבענע לייענער מיט דער זעלבער מאָס צער, ווי מע ציילט די פאַרשטאָרבענע שרייבער. ביידע לאָזן ניט איבער נאָך זיך קיין ממלא־מקומס.

אַזעלכע צוויי יידיש־לייענער זיינען געווען די נאָר־וואָס פאַרשטאָרבענע: חיים קאַהן און משה אָדאָנער (משהלע פאַריזער). ביידע ווען אויספעלן אין די עטלעכע יידישע בוך־האַנדלונגען, וואָס זיינען נאָך פאַראַן אויף דער איסט־סייד. איך האָב גראָד די דאָזיקע צוויי יידיש־לייענער גוט געקענט און איך ווייס, מיט וואָס פאַר אַן אייפער זיי האָבן זיך באַצויגן צום יידישן בוך און בכלל צו יעדער שריפט, וואָס איז דערשינען איבער גאָר דער יידישער וועלט.

מיר פאַרמאָגן פינף מיליאָן יידן אין אַמעריקע און אפשר נאָך מער. עס איז ניטאָ קיין געווויע סטאַטיסטיק, און אויב צוויי (2) יידישע לייענער זעען זיך אַזוי שטאַרק אָן צווישן זיי, איז אָך־און־וויי צו אונדז, צום „עם־הספר“!

צוויי יידישע לייענער זענען געשטאָרבן איין וואָך נאָך דער צווייטער, און וואָס פאַראַ טרויעריקע געדאַנקען עס זענען אויפגעוועקט געוואָרן!... צוויי (2) יידישע לייענער אויף איבער פינף מיליאָן יידן אין אַמעריקע!... זאָל זיי די ערד גרינג זיין!

---

**אַן אויפשריפט אויפן בוך „קידוש השם“, רעדאַגירט פון ש. ניגער.**

**אַ מתּנה צום אָנדענק —**

אַ גרויס הייליק ווערק צו אַ גרויסן, ליבן און איידעלן פריינד, איינעם פון די שיצער פון דער רייכער יידישער ליטעראַטור — ר׳ משה אָדאָנער, מיט ליבשאַפט און אָנערקענונג

**אונטערגעשריבן** אַברהם רייזען.

**שלום־עליכם הייזער, אויגוסט 28, 1948, נ״י.**

# „בונד"־אַרכיוו פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג
א. נ. פראַנץ קורסקי

# Bund Archives of the Jewish Labor Movement

*ATRAN CENTER for JEWISH CULTURE*
25 EAST 78th STREET, Room 502
NEW YORK 21, N. Y.

Telephones: LEhigh 5 { 0850 / 1209

Dedicated to Franz Kursky


דעם 30־טן סעפּטעמבער 1957



פר׳א.אדאַנער
ניו יארק,נ.י.

חשובע פריינדין א.אַדאַנער,

אייער פארשטארבענער מאן,
משה אַדאַנער,איז געווען אן איבערגעגעבענער פריינט
פון אונזער ארכיוו.ער האט אים בסדר געהאלפן מיט אלע
זיינע מעגלעכקייטן,וואס ער האט געהאט.

בדי צו באערן זיין אנדענק
וועלן מיר איין מעטאלענע שאנק אין אונזער ארכיוו באַ־
צייכענען מיט זיין נאמען.צו דער שאנק וועט צוגעשטעלט ווערן
אן אויפשריפט מיט זיין נאמען.דאס וועט זיין אן אויסדרוק
פון אונזער דאנקבארקייט פארן פארשטארבענעם פריינט
משה אַדאַנער.

מיר זיינען צופרידן אייך וועגן דעם
צו געבן צו וויסן.

מיט פריינדלעכן גרוס

דוד מייער

דוד מייער,ארכיוו דירעקטאר

נוסח פון דער מצבה

# פּ״נ

# משה אָדאָנער

# דער ליבהאָבער און קעמפער

# פון דעם יידישן וואָרט

# און דער יידישער ליטעראַטור

געב. 1 מאַי 1888

געשט. 30 יולי 1957

